# שטערן

12

ליטעראריש־קינסטלערישער
אונ פאליטיש־וויסנשאפטלעכער
כוידעש־זשורנאל. מינסק
1933 יאר

## אינהאלט.

ה. דימאנט—לידער
ל. סאלאליי—לידער
מ. קולבאק—א פאראלעל צווישנ צוויי זעלמעניאנער פעטערס—דער פעטער יודע אונ פעטער פאליע (פונ צווייטנ בוכ „זעלמעניאנער").
ל. קוויטקא—באלעגונ (פאעמע. סאפ)
א. קאהאנ—ארנ ליבערמאנ (ראמאנ, פארזעצונג)
ל. העלער—לידער
מ. סייטש—באם צאנ-ראקטער שנייערמאנ (דערציילונג)
פ. נאוויק—דער ציעניזמ אינ א ברוינ העמדל (סאפ)
ל. צארט—די פראבלעמ פונ מיטלפעריי אינ שײַנ פונ קאנטר־רעוואָ-לוציאנערנ טראצקיזמ
כ. דונעצ—די אלטע סכעמע איז צעבראכנ (וועגנ קאצאוויטשעס ביכל „הומארעסקעס")
א. ר. צווייג—נאציאנאליזמ, בונדיזמ אונ אנד. פארקריפלונגענ אינ דער קינסטלערישער געשיכטע פונ דער רעוואליוציע (סאפ)
ש. בריאנסקי—די עוואליוציע פונ דער בורזשואזער אונ קליינבירגער-לעכער בעלעטריסטנ-קריטיק
ליפ. פראניק

ארבעטער, ארבעטנדיקע, קאָלווירטניקעס, קולטור־טוער!

# שרײַבט אויס

## און פּאָפּוליאריזירט דעם ליטעראריש־קינסטלעריש און פּאָליטיש - וויסנשאפטלעכן כוידעש־זשורנאל

# „שטערנ"

**אינ זשורנאל** „שטערנ" באטייליקנ זיכ די בעסטע ייִד. סאָוו. שרײַבער, קריטיקער, פובליציסטנ און וויסנשאפטלעכע טוער

**אינ זשורנאל** „שטערנ" באטייליקנ זיכ די בעסטע רעוואָליר־ציאָנערע שרײַבער פונ אויסלאנד

**אינ זשורנאל** „שטערנ" ווערנ געדרוקט די בעסטע מוסטערנ פונ די ברידערלעכע ליטעראטור.

אינ 1934 יאָר. וועלנ זיכ אינ זשורנאל „שטערנ" דרוקנ א ריי נײַע ראָמאנענ, דערציילונגענ און פּאָעמעס פונ אונדזערע בעסטע סאָוועטישע שרײַבער

~~~~~

## אבאָנירט זיכ אפ דעם זשורנאל „שטערנ"

## אפנ 1934 יאָר

### אבאָנעמענט-פּרײַז;

א יאָר—18 רובל
6 כאדאָשימ—9 רובל

3 כאדאָשימ—4 ר. 50 ק.
1 כוידעש—1 50 ק.

### די אבאָנירונג ווערט אָנגענומענ

אינ אלע שטאָט־ביוראָענ פונ פרעסע־פארבאנד, אינ אלע פּאָסט־אָפּטיילונגענ אינ אלע קיאָסקנ און בא אלע צײַטונג־טרעגער.

אדרעס פונ זשורנאל „שטערנ": מינסק, רעוואָליוציאָנערע גאס, 2.
~~~~~

פראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַראייניקט זיך!

# שטערן

דעקאבער 1933 ═══ נײַנטער יאָרגאַנג ═══ № 12

ה. דיאמאנט

*

אינ דער ווײַטער פאַרשטאָט האלט איכ אײַנ די טריט:
רויטארמייער זינגענ א באקאנטע ליד.

ווי די נאכט די ליד איז—אזוי מעכטיק גרויס,
זעצ איכ זיכ אנידער, בא א פרעמדנ הויז.

בא א פרעמדנ גאניק, אפ די פרעמדע טרעפ,
דאכט זיכ ביז אהערצו וויגנ זיכ די קעפ...

איז די העמד צעכראסטעט אונ מײַנ האלדז איז הויל
קומט א ווינט א שטילער קושט זיכ מיט מײַנ מויל;

אינ דער שטאָט דער ווײַטער, אינעמ שוארצנ פעלד,
פײַערלעכ, ווי קווייטנ פאלנ צו דער ערד.

ווי א גרויסער גאָרטנ אינ דער שווארצער מיט,
אפ די קעפ, וואָס זינגענ, שיט ער זיכ דער צוויט.

מיט די קעפ וואָס זינגענ רוקט ער זיכ אהער,
פײַערלעכ, ווי קווייטנ פאלנ צו דער ערד.

אונ ווי סילועטנ אפ א העלנ ברעג,
אָוונט—שטילע בוימער שאָקלענ מיט די קעפ.

גאָלד ארום די בלעטער אונ אינמיטנ שווארצ,
ס'גיט דער ווינט א ווייע, ציטערט אופ מײַנ הארצ.

*

מײַנע שוועסטערלעכ שיילנ קארטאָפליעס
אונ ווארפנ די שאָלעכצ אינ קאָשיק
אונ זינגענ אזוינע פארבענקטע:
„פערדעלע, טײַערער לאָשעק—
א קויל, האָט דײַנ כאוער געטראָפנ,

איז לויפ און דערצייל עס מײַנ ליבער"...
די שוועסטערלעכ שיילנ קאַרטאָפליעס
און ווארפנ זיי גלײַכ אינעמ קריגל.
דוכט זיכ מיר—דאָרט אפ די שנייענ
אונטער דערפרוירענע שטערנ,
וויל אופשטיינ דער רויטער ארמייער
און קענ זיכ ניט אופהייבנ מערער.
און מיטאמאָל פאר די אויגנ:
ווינטנ און ווינטער און פעלדער,
זע איכ מײַנ מאמע פארבויגט זיכ
צו עפעס א בלוטיקער העמד דאָרט,
זע איכ מײַנ מאמע...
ס'א ליגנ,
אָט וויגט זיכ איר קאָפ אינעמ שפיגל:
זי האָט צו דעמ גרעט זיכ פארבויגנ
צו שנייִקע וויַסע פאסטריגעס...
מײַנ מאמע איז איצט אזא גרויסע
און ס'דאכט: זי איז שענער און ייִנגער,
אָט קוקט זי אינ פינצטערנ דרויסנ
און צערטלט דאָס גרעט מיט די פינגער...
און זינגט אפ א פּאָשעטנ ייִדיש,
פון עפעס „א כופע א שווארצער",
און ס'גייענ און ס'הילכנ דאָ לידער
און לייגנ זיכ אָנ אפ מײַנ הארצנ.
איז וואָס־זשע, וואָס איז דאָס, א ליגנ,
צי איז דאָס ניט מער, ווי א מײַסע?—
סע שווימט אזא ווארעמער ניגנ
און פאלט צו דעמ גרעט. צו דעמ ווײַסנ...
און ס'זינגענ די שוועסטערלעכ שטארקער
פונ ווינטנ, פונ יאמענ, פונ פעלדער,
מײַנ מאמע, מײַנ גרײַזע פארלאַטעט
אונדזערע קינדערשע העמדער.

ל. טאלאלײַ

# מײַנ לעבנ איז ברײט

מײַנע רויִקסטע נעכט אינ א סטויג פונ צעפלאָנטערטע שטרײ —
איכ שלאָפ אונ די גאנצע וועלט טוליעט זיכ צו צו מײַנ ברוסט.
מײַנע רויִקסטע טעג מיט א ביקס—איבער וואלגער פונ שנײ
ווענ עס סקריפּעט דער פראָסט ווי א פּאַלאַז בא מיר אונטער פוס.

קענ פונ מיר ווײַכנ דער שלאָפ, אויב עס שמייכלט צו מיר יעדער שוועל?!
קענ איכ דענ טרויעריק זײַנ, אויב איכ גײ אינ א גרויענ שינעל?

קענ איכ א פרעמדער ארומגײנ אפ גרינקײַט פונ ערד,
אויב איכ פיל זײ, די מעשענע קוילנ, אינ מײַנ רעוואָלווער?

ווײס איכ, אז גײנ, דארפ מענ גײנ, נאָר פּאָרויס אונ פּאָרויס.
עס רופט פונדערווײַט יעדער גאָלדענע שויב פונ א הויז.

אונ קושנ זיכ קריכט צו מיר יעדער קאָלווירטישער הונט,
עס באגעגנט מיט ברויט אונ מיט מילכ א קאָלווירטניק דעמ אקשנ, דעמ זונ.

איכ וויל זיכ ניט ליובנ—נאָר זע די פּארווינטיקטע הענט.
די אויגנ די פולע מיט ווארעמענ בלענד...

איכ גיב אָפּ מײַנ לאנד די קראפט פונ מײַנ מוסקלענ-געפלעכט.
די פרײד פונ די טעג אונ די לײַדנשאפטנ פונ נעכט.

דעמ הילכ פונ דעמ וואָרט אינ דעמ הארציקנ קלינגענ פונ זאצ.
אונ... עפשער עסווארט א פירגראניקער ראָמב אפ מײַנ לאצ...

# א שווערער וועג

אליין כ׳בין א זון פון א ווײַטן פּאַרוואָרפענעם קאַנט.
עס האָבן די וועלדער פאַרשטעלט דאָרט דעם הימלשן ראַנד.
א בער האָט געברומט מיט א הייזעריק־ביטערן קאָל
און מענטשן דאָרט הייסן נאָר איינס: אָדער בער אָדער וואָלף.

האָט אמאָל אונדזער קאַנט, אָט דער ווילדער, זיך פלוצלונג צעוויגט
און ס׳האָט זיך צעפלאַקערט א בלוטיקער־ביטערער קריג

פאַר פּאַשע, פאַר גרינער, פאַר אָרט אונטער וואַרעמער זון
איז אַרויס אין געשלעגן דער זיידע, דער טאַטע, דער זון.

דעם זיידן האָט איינער א בער מיט א קרומער א האַלאַבליע צעהאַקט
ווײַל ער האָט אַפּ יענעמס—אַפּ אייגענע—זײַנע געוואַגט...

זיי האָבן דעם טאַטן דערהיט אין א גרינעם רעמיזניאַק
און ס׳האָט אַפּ שאַרבן צעהילכט זיך דער אָבוך פון האַק.

האָט דער זון זיך צעוויינט מיט א יאָמערלעך בייזן געוויין
און ווי א פאַרסאַמטער געלאָפן דורך וועלדער אליין.

און וואָס וואָלט פון ווילדן, פאַרביטערטן מענטשן געווען
ווען ס׳וואָלטן די ליכטיקע פאָנען פון אופשטאַנד זיך העל ניט צעברענט...

---

* * *

ר. ר.

מיידל, פרײַנט, דו ביסט ווי איך א שטרענגע,
כ׳בין דורכגעגאַן צופוס מײַן גרויסע לאַנד
און דריקנדיק דײַן שטײַפע האַנט
פיל איך איינעם פון מײַן שטאָלענער שרענגע.

דיזעלבע זון האָט אונדז געגליט
דערזעלבער ווינט געקילט,
אוןביידע זײַנען מיר פון דיזעלבע האָנעס.
וואָס דאַרף איך לייקענען
— איך זע אין דײַנע בליקן שפּילט —
אונדזער ראָטנע
האַרציקע האַרמאָניק.

דו לאכסט—און ס׳דוכט זיך מיר:
א גוטער ווינט
גיסט זיך איבער קאָפּ
מיט מײַכן זון אריבער.
כ׳וואָלט וועלן, ווייסטו, הוידען אין א מולטערל א קינד,
אונדזערן...
א זון...
א גיבער.

א ליכטיקערער איידער איך —
(פון בערנ־טריט, פון וואלד, פון ווינטערס)
— — — — — — — — — — — —
אזויפיל גליק,
אזויפיל שטעט,
אזויפיל ליכט —
עס איז צעשפרייט פאר גייענדיקע קינדער.
און איך דער זון פון פריערדיקן דאָר,
אן אויסשפירער אפ רויטע האָריזאָנטן.
באגינענדיק...
דו ציטערסט שטיל...
ווי הויפנס גראָז א ווינט צעפלאָנטערט דײַנע האָר.
עפשער מײַן שינעל דיר אָנטאָן?...

מוישע קולבאַק

# א פּאַראלעל צווישן צוויי זעלמעניאַנער פּעטערס—דער פּעטער יודע און דער פּעטער פּאָליע

(פונעם צווייטן בוך „זעלמעניאַנער”).

פאַראַנען צוויי זעלמעניאַנער פּעטערס, וואָס האָבן זיך אָפּגעריסן פון שטאַם און גייען מיט אַן אייגענעם וועג אין לעבן. דאָס איז, פון איין זײַט, דער פּעטער פּאָליע און, פון דער צווייטער זײַט,—דער פּעטער יודע. צוויי לײַבלעכע ברידער, רעב זעלמעלעס גוטע זין, און, דאַכט זיך, אַז צווישן זיך האָבן זיי קיינמאָל קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט. קען זײַן, זיי האָבן זיך איינע די אַנדערע פאַרגעסן. בײַס דער פּעטער פּאָליע איז אָנגעקומען פון די דײַטשן און ס'איז געוואָרן די גרויסע יעלאָלע, וואָס סאָפּקאָלסאָפּ לעבט דער פּעטער פּאָליע אויך, האָט דעמאָלט דער פּעטער יודע פאַרקאַשערט די שפּאַקולן און נײַגעריק געפרעגט:

— וואָסער פּאָליע, דעם ראָווס איידעם?

מעגלעך אָבער, אַז דער פּעטער יודע האָט עס דעמלט אומישנע א פרעג געטאָן, ווען אַפּ צופּיקעניש, ווי דערדאָזיקער אַלטער צעלאָכעסניק טוט געוויינלעך אין אַזוינע פאַלן.

---

דער פּעטער פּאָליע האָט, פון זײַן זײַט, אָנגענומען שטענדיק דעם פּעטער יודען פאַר א כאַזן. א מאַסע האָט געטראָפן מיט דער באָבע באַשעס לעוויע. דעמלט, בא דעם אָפענעם קייווער, האָט פּאָליע פּלוצלונג א שטורכ געטאָן דעם פּעטער יודען אין זײַט און געהייסן אים מיטן האַרבן וואָרט:

— רעב ייִד, זאָגט שוין אָפּ די בראָכעס!...

דער מאָרעשכוירעדיקער פּעטער יודע האָט מיט רעציכע א הויב געטאָן צו אים דאָס פּיצל פּאָנעם און אויסגעשריִען:

— פּערע־אָדאָם, דאַ ליפּניי מי אַטאָ אוימעד... צי זעסטו ניט, גראָבער יונג, אַז דו שטייסט איצטער פּאָנעם על פּאָנעם מיטן טויט?

דעמאָלט האָט זיך דער פּעטער פּאָליע געכאַפּט אָן טאָעס און איז אַנטשוויגן געוואָרן. און א טאָעס האָט ער געהאַט בלויז דערפאַר, וואָס ער טראָגט זיך אַרום פון שטענדיק אָן

מיט דער פאָרשטעלונג, אז א ייִד מיט א בערדל, מיט א הויכן גאָרגל און מיט א לאָשנ־קוידעשדיקן וואָרט אפ די ליפּן איז א כאזן.

דער פעטער פאָליע האָט פיַינט כאזאָנים, דאָס שטאמט נאָך, אפּאָנעם, פון זיַינע קינדער־יאָרן, ווען ער האָט געהאט ביטער אויסצושטיין פון די באָטעמער־ראָשים און פון די דאווענס. אפ דעם פעטער פאָליע, זאָגט מען, אז ער קען ניט קיין איוורע, כאָטש דאווענען האָט ער געדאוונט, ווי אלע. דער אומגליק איז מיסטאָמע באשטאנען אין דעם, וואָס ער פלעגט זופן און דאָס פירט איבער די ריינקיַיט פון די ווערטער. עס פלעגט זיך באקומען אביסל אנדערש, ווי מע דארף. רעב זעלמעלע, אז ער פלעגט יאָמים־נויראָים אוועקפירן זיַינע כעוורע־לײַט אין שול, האָבן אים אויסגעפּעלט מאכזיירים און מע האָט געמוזט דאווענען צו צוויי און צו דריַי אין א מאכזער. דעמאָלט אָ האָט מען פאָליען שטילערהייט געקניפּן אין געזעס און געכורטשעט, אז קיינער זאָל ניט הערן:

— זופּ ניט, זאָגט מען דיר, כאמולע, זופּ ניט!

בא אזא איַינגעשפּארטן כאראקטער, ווי דעם פעטער פאָליעס, האָט ער שוין דעמאָלט, פארשטייט זיך, געזופּט אפּצולאָכעס. אלע טוען דאָ אפּצולאָכעס. עס טרעפט, אז דער גאנצער הויף פאלט אריַין אפ לאנגע וואָכן אין א מוירעדיקער שוויַיגעניש, טוענדיק אפ אזא אויפן איינע די אנדערע אפּצולאָכעס. דער פעטער פאָליע האָט אָבער געטאָן קליגער פון אלעמען: ער האָט פון דער שפּראך זיך אויסגעקליבן בלויז עטלעכע ווערטער אפ א שלעכטער ציַיט, ווען מע מוז שוין פאָרט ארויסברענגען א וואָרט, און דאָס איבעריקע שוויַיגט ער אָפּ, זיצנדיק שטיל בא זיך אונטערן היטל. מיט דער וויַיב רעדט ער ניט אויס קיין וואָרט, ער האָט זי פיַינט, ווי דעם טויט, און איז גערעכט אויך. ביפראט ווען דאָס שטערט אים ניט צו האָבן אסאך קינדער. דער פעטער פאָליע האָט ניט קיין געראָטענע קינדער, דערפאר האָט ער אָבער אסאך. אינאָוונט דויערט היפּשע עטלעכע שאָ ביז די וויַיב קליַיבט זיי צונויף פון די אלע ארומיקע הויפן און צעלייגט זיי שלאָפן. אמאָל האָט אפילע געטראָפן, אז זי האָט פארשפּארט די טיר און פארגעסן א קינד אין פירהויז דאָס איז געווען א מיידעלע פון א יאָר דריַי. א גאנצע נאכט איז דאָס מיידעלע געשטאנען און געגראבלט אין טיר, אין שטוב איז מען אָבער רויִק געשלאָפן, וויַיל מע האָט געמיינט, אז עס איז א קאַץ.

## דער פעטער יודע

דער פעטער יודע איז א פילאָסאָף. און ווי בא יעדן פילאָסאָף איז דאָס טראכטן בא אים געקומען פון הארצווייטעק. די מומע העסיע, וואָס ער האָט זי ליב געהאט, ווי דאנטע האָט אמאָל ליב געהאט בעאטריטשען, איז אים פלוצלונג אומגעקומען און פון צעמישונג האָט ער שוין געמוזט ווערן ניט אנדערש, ווי א פילאָסאָף. נאָר ווען דער מומע העסיען איז שוין גליַיכער ניט צו ריידן, וואָרעם סאָפּקאָלסאָף, איז זי אוועקגעפאלן ניט מיט קיין שיינעם טויט.

דעמאָלט איז דער פעטער יודע אוועק זיצן שיווע אין בעסמעדרעש, האָט זיך אוועק־געזעצט הינטערן אויוון און שוין מער ניט געוואָלט אופשטיין ביכלאל. ער האָט באשלאָסן אופגעבן אלע וועלטלעכע איניאָנים און פארנעמען זיך בלויז מיט טראכטן מאכשאָוועס; שטאָט האָט זיך אָבער אָנגעזעצט און ער איז אוועק צוריק צום ווארשטאט.

קלאָר, אז אָנגעהויבן טראכטן האָט דער פעטער יודע וועגן דער האשגאָכע האָליוינע, ווי עס הייבן אָן אלע פילאָסאָפן. עס האָט ניט לאנג געדויערט ביז ער האָט אמאָל באנאכט, דארשענענדיק פונעם פעטער זיסעס גאניק, ארויסגעשטעלט א פייג צום הימל, וואָס עס האָט קעגן אים אופגעשטעלט דעם גאנצן הויף. דערביי האָט ער זיך גלאט ארומגעקריגט מיט די זעלמעניאנער, געגאנגען אין סטירדעס, ניט געוואָלט אָנעמען אפילע די סאָוועטישע עלעקטרע, און עס איז דערגאנגען דערצו, אז ער איז א ווינטער נאכט אוועק פון הויף, אזוי גוט ווי פארפאלן געוואָרן, און, אזויארום, האָט זיך פלוצלונג אָפגעטאָן דאָס לעצט ביסל העכערער פארשטאנד פונעם רעבזעהויף.

---

דאָס איז געווען ביים דער גרויסער קאָלעקטיוויזאציע. דער פעטער יודע איז דעמלט נאָך אסאך וואָגלענישן צוגעשטאנען צו א קליינעם קאָלווירט פאר א שוימער און פאר נאָך עפעס, וואָס האָט קיין נאָמען ניט. דאָס איז א נייער פאך אזא, וואָס ליגט ערגעץ אפן גרענעץ צווישן א קאָלווירטניק און א מין קליינשטעטלדיקן רעוול. אין גרונט איז עס א פראָסטער קאָלווירטניק מיט דעמזעלביקן שטרויענעם רויעך, נאָר מיט א שטיקל נאסער פייע באם אויער, א שטיקל לאנגע קאפּאָטע, און, דאכט זיך, מער גאָרניט. דאָס איז א קאָלרעוול. א קאָלרעוול פירט ארויס מיסט אפ די פעלדער, ער קאָסיעט היי, ער איז א שוימער פון קאָלווירט. נאָך אסאך וואָגלענישן איז דער פעטער יודע געוואָרן א שוימער פון קאָלווירט. דערהויפּט האָבן פאר אים איינגעלייגט די וועלט: רעב יאנקעוו-בויעז, דער שוואכער באלעבאטישער ייִד, וואָס האָט אויקער געווען פון נעמיגע, און אלע רעב יאנקעוו-שוואכער באלעבאטישער ייִד, וואָס האָט אויקער געווען פון נעמיגע, און אלע רעב יאנקעוו-בויעז מעקוראָווים אין קאָלווירט. דער פעטער יודע איז זיי עפּעס באלד געפעלן געוואָרן אפן קוק.

— אן איידעלער ייִד, — האָבן זיי געטייַנעט, — לאָזט אים אויך צו אביסל צו דער קאָריטע!

און צו די דריי קאָמיוגיסטן האָט מען געשריִען:

— וואָס ווילט איר? — א ייִד א ראבאָטשי, קאָל־יאָמאָוו געארבעט מיט דער האק.

ווער ווייס צוליב וואָס פארא סיבעס, נאָר דער פעטער יודע האָט באלד דערשפּירט, אז עס הייבט זיך אָן א נייע שליכעס אין זיין לעבן, און ער האָט זיך פארלאָזן א שטיקל נאסע פייע. ער האָט נאָכדעם אמאָל אפ דער ווארטע, קוקנדיק אפ די שטערן, געפּרווט פאָרזיכטיק אזוי נעמען טראכטן אפ פארקערט, וועגן דער האשגאָכע האָליוינע, האָט דעמאָלט דערזען צו זיין גרויס פארוואונדערונג, אז סע גייט, און באשלאָסן גלייך נעמען זיך צו דער נייער טועכץ.

א גאנצע נאכט שלעפּט זיך ארום דער פעטער יודע בא די שטאלן פון די בעהיימעס. אינדערפרי, מיטן בראָך אפ טאָג, זעצט ער זיך אוועק אפ א בערוועניע באם ברעג פון ייִשעוו, ציט פון דער ליולקע, בלאָזט פון זיך שטיקער רויך און באגלייט די קאָלווירט־ניקעס אין פעלד ארויס:

— כאיִם, — זאָגט ער, — סע זעט זיך, אז מיטן דאוונען האָסטו היינט ווידער אָפּגעמאכט כאפּ־לאפּ!

— כאָנטשע, ווארט א ווייַלע, וויפל איז פאָרט דער שיר צו ארבעטן אום שאבעס?

— קאלמען גיטעלעס, — זאָגט ער, — דיין בענאָק איז אין קאָמסאָמאָל און טוט אָן ייִדן קאָלע צאָרעס!

אָט דאָס איז א קאָלרעוול. עס האָט א ריס געטאָן די קאָלעקטיוויזאציע און פארפלייצט דאָס לאנד, און אָט איז באם שטילן שיין פון דער לעוואָנע ארויסגעשווומען ערגעץ אפן

סווּיסלאָטש א מינ קענטאוור מיטנ קאָפ פונ א סטאָליער אונ מיט די בלאָטיקע פיסעלעכ פונ א רעוול.

דער פעטער יודע האָט איצטער געטאָנ אלצ, וואָס גיט צו כשיוועס א מענטשנ. ער האָט גענומענ גיינ מיט צונויפגעלייגטע הענט אפנ בויכ, האָט מייַרעכ געווענ אינ בייס האקיסיי, אונ אמאָל האָט אפילע געטראָפנ, אז גייענדיק ארומ די שטאלנ פונ די בעהיימעס, האָט ער אפ זיכ אליינ פלוצלונג א קוק געטאָנ, ווי אפ קעלמער מאגיד. דעמאָלט האָט ער זיכ אָפגעשטעלט אונ א זאָג געטאָנ צו זיכ מיט גרויס פאָרכט:

— רעבע, זעצט זיכ צו א ווייַלע!

דער פעטער יודע איז אָבער נאָכ אלעמענ געווענ א שוואכער באל־איורע. די קענטער־נישנ פונ די דארע ספאָרימלעכ אפ איורע־טייַטש האָבנ בעשומויפנ ניט געקלעקט אפ צו פירנ א שטאט פונ קאָלרעיול, אונ עס האָט, צומ בייַשפּיל, געטראָפנ, אז יאָמימ־נוירײָמ האָבנ עלטערע קאָלווירטניקעס גענומענ אינמיטנ דאווענ שפּייַענ פונ זייַנע איורע. דאָס איז געווענ א מוירעדיקער קלאפ. דער פעטער איז געבליבנ שטיל, מיט אנ אויסגעהוי־קערטער, פארשעמטער פלייצע צומ אוילעמ. עס איז אימ נאָר איינגעפאלנ אינ קאָפ, אז מע מוז וואָס גיכער ארויסרוקנ דעמ סטאָליער, וואָס אינ זיכ, קעדיי צו ראטעווענ דאָס רעוול, וואָס אינ אימ. דעמאָלט איז אָבער אופגעשטאנענ דער שוואכער רעב יאנקעוו־בויעז, שטאָק־בלאס, אונ גענומענ שרייַענ מיט א ניט אָנגעביסענעמ קאָל:

— כאמוירימ! וואָס ווילט איר דאָ האָבנ אינ מידבער, א בריסקער ראָוו?

קענטיק, אז רעב יאנקעוו־בויעז האָט געהאלטנ דעמ קאָלווירט פאר א מידבער. א שוואכער ייִד, קאָל יאָמאָוו געווענ פארהאוועט אינ א לאנגער, טונקעלער שניט־קראָמ האָט ער געמאכט א טאָעס אינ דער געאָגראפיע. דאָס טרעפט. די קאָרענע ייִדנ האָבנ זיכ דעמלט בארויִקט, נאָר עס האָט זיכ פאָרט ניט געלייגט אפנ סייכל, אז אנ אלטער סטאָליער זאָל פלוצלונג נעמענ אונ אָפּראטעווענ די ייִדישקייַט, כאָטש דער פעטער יודע מיט די שפּאקולנ אפ דער נאָז האָט פונ צייַט צו צייַט יע געכאפט דעמ אָנבליק פונ א פארבלאָנ־דזשעטנ גאלעכל. נאָכדעמ, אז די קאָלווירטניקעס זייַנענ אינ די צעפלויגענע ווייַסע טאלייסימ, ווי אלטע זשוראווליעס, געלאָפנ אהיימ כאפנ עפּעס אינ מויל, האָט קאלמענ גיטעלעס געטייַנעט:

— ייִרנ, הערט מייַנ וואָרט, דאָס איז ניט לויט די קויכעס פונ א סטאָליער!

אונ כאָנטשע האָט א זאָג געטאָנ:

— וואָס מיינט ער, רעב יאנקעוו־בויעז, אז מיטנ אָכער וועט ער קענענ אויסבויענ דעמ בייס־האמיקדעש?

אזוי ארומ, האָט דער פעטער יודע, טאפנדיק אינ דער פינצטער, זיכ אויסגעארבעט א נייַעמ פאכ, אונ עס איז אפילע געווענ די מעגלעכקייַט ער זאָל גיינ הויכ, אזש ביז א קאָלראָוו, אונ עפשער נאָכ מער, ווענ ניט די מייַסע מיטנ קאָלווירטישנ בעדל, וואָס דער יאנקעוו־בויעז האָט עס דאפקע געוואָלט פארוואנדלענ אינ א בעסמעדרעש. דאָס איז א טרויעריקע געשיכטע, וואָס פונ איר קענ מענ, אגעוו, אָפלערנענ, אז א קאָלרעוול דארפ אָנפירנ מיט זייַנ איידע ייִדנ אָפגעהיט אונ שטילערהייט, שמירנדיק א ראָד פונ א וואָגנ, אָדער, שטייענדיק מיט דער קאָסע אינ האנט, אָבער בעשומויפנ ניט פונ א בעס־מעדרעש ארויס, זאָל זייַנ אפילע פונ אזא בעסמעדרעש, וואָס איז א גאנצ יאָר געווענ א פויערישע בעדל.

וועגנ דעמ וועט נאָכ אויסקומענ צו ריידנ.

# דער פעטער פאָליע

וואָס טוט דער פעטער פאָליע? דער פעטער פאָליע געניסט פונ דער סאָוועטישער אנדער העלפט פונ זײַנ לעבנ. נאָכ דער ארבעט קוקט ער פונעמ פענצטער אפ דער וועלט, ווישט זיכ דעמ שטעכיקנ וואָנצ אונ גלויבט, אז ער איז דער וויכטיקסטער זעלמעניאנער. די רעוואָליוציע האָט אָפגעשווענקט די אלע מענטשנ, וואָס ער האָט פײַנט געהאַט, אָפגעראמט פונ ארומ אימ זייערע ווילדע גענג, זיצט ער באמ פענצטער, ווּנדערט זיכ, וואָס אלצ ליגט זי דאָ אויס לעטויוועס אימ אונ נעמט נעקאָמע פונ דער וועלט.

דער פעטער פאָליע איז עפשער אויכ א מענטש מיט אנ אייגענעמ גאנג, עפעס א דענקער, נאָר אָנ געדאנקענ, וויפל מע זאָל אפ אימ ניט ארבעטנ, איז אלצ ארויסגעוואָרפנ. ער פארשטייט ניט, אונ, דאכט זיכ, אז ער קלײַבט זיכ ניט צו פארשטיינ. א ראכמאָנעס איז בלויז געווענ אפ יענעמ קאָמיוגיסט, וואָס האָט זיכ אָנגענומענ צו לערנענ מיטנ פעטער פאָליע פאָליט־איוורע.

— לאָזט מיכ,—האָט ער געטײַנעט צו די יאטנ,—אונ איכ מאכ פונ אימ א מענטשנ.

דער קאָמיוגיסט האָט איבער אימ געארבעט, ווי איבער אנ אלטער פעל, גערעדט צו אימ אי איידל, אי גראָב, אונ פאָליע איז זיכ רויִק געזעסנ אפנ שטול, ווי מע זיצט בא א שערער, געווישט זיכ דעמ שטעכיקנ וואָנצ אונ געוואַרט, ווענ דער פינטעפליוש וועט ענדיקנ. אז בא דעמ קאָמיוגיסט האָט פאָרט געפלאצט די געדולד, איז ער אוועק אפנ זאוואָד אונ פארשפרייט א קלאנג, אז פעטער פאָליע איז א מענטש מיט א פארמאכטנ בוידעמ. דאָס האָט אָבער פאָליענ ווייניק־וואָס געריִרט, ער האָט זיכ צעשמייכלט אפנ גאנצנ פּאָנעמ אונ א זאָג געטאָנ צו טראָכימענ, זײַנ אלטנ כאווער:

— נו, איז וואָס, בינ איכ ניט קיינ שמינטעליגענציע, איכ בינ, ברודער, ניט מער ווי אנ ארבעטער!

דער פעטער פאָליע איז געווענ א קאלטער מאלעכ. בלויז אינ א רו־טאָג, נאָכנ עסנ, אז ער איז שוינ באזונדערס אופגעראמט, פארנעמט ער זיכ אביסל מיט גײַסטיקער ארבעט. בא אימ אינ שטוב אפ א פאָליטשקע, סאמע אונטערנ באלקנ, ליגט א בוכ אינ טיפנ שפינוועבס. דער פעטער פאָליע נעמט אראָפ פונ דער פאָליטשקע דעמ טוכלענ בוכ, קלאפט אימ אָפ אָנ שוועל, אונ זעצט זיכ אוועק באמ פענצטער בלעטערנ די צאצקעס. דער שטעכיקער וואָנצ רירט זיכ—א סימענ, אז פעטער פאָליע ארבעט גײַסטיק. פאראנ אינ בוכ א שיינ בילד, ווי א פיש ליגט אינ מיטנ יאמ אונ שפריצט פונ זיכ וואסער. דער פעטער פאָליע לייענט איבער הויכ אונ דײַטלעכ:

— קיט!

אונ א גרויסע פרייד צעגיסט זיכ איבער די גלידער בלויז פונ איבערלייענענ דאָס וואָרט. ער רוקט די פינגער אינ מויל, מישט אנטציקטערהייט די דיקע, טוכלע בלעטער, ביז עס הויבנ זיכ ניט אָנ צו באווײַזנ בילדער פונ אלטע קייסאָרימ מיט בערד, אינ גרויסע ווינטערדיקע היטלענ מיט א ציילעמ פונ אויבנ. דער פעטער פאָליע בלײַבט זיצנ פארגאפט. ער קוקט אפ די קייסאָרימ מיט שטומע בליקנ. נעמט פאוואָליע צונויפ דעמ פויסט אינ א טרײַבל אונ באטראכט זיי לאנג אונ שטומ פונ אלע זײַטנ, אונ עס טרעפט, אז ער טוט א זאָג:

— געכאפט אינ ט... הא?

אינ יענעמ אָוונט איז דער פעטער פאָליע געזעסנ אינ שפּײַזלער־קלוב. אטלעטנ פונ דער גאנצער רעפובליק האָבנ געוויזנ מײַסטערשאפט אינ פראנצויזישנ געראנגל. געווענ דאָרט שיינע קערפּערס פונ יונגע ארבעטער, וואָס האָבנ אָנגעקוואָלנ, ווי מיידלעכ, פונ אייגענעמ לײַב; געווענ אויכ זעקספודיקע אלטע טשעמפּיאָנענ מיט קורצע שטערנס, אראפּ־הענגענדיקע בײַכער אונ יאָרקשירער גיידערס, וואָס האָבנ פונ אונטער די קליינע וואסער־דיקע אייגעלעכ געוואָרפנ ביטלדיקע בליקנ אפ דעמ ניט דערו באקענעמ אטלעטישנ נאָכוווקס. דאָס זײַנענ געווענ בארימטע ספּעצנ, אויסגעוואלגערטע אפ אלע פּאָדלאָגעס פונ דער וועלט, אונ שרעקלעכ שטיל איז שטענדיק געוואָרנ אינ זאל, ווענ אזא אלטער גאַענ פלעגט זיכ פלוצלונג אויסציִענ מיט אלע זײַנע גראָבע פליישנ, כאָרכלענ ווי אנ איבערגעפּירטע מאשינ, אונ א יונגער יאט איבער אימ פלעגט אימ טאָרמאָשענ מיטנ לעצטנ שוויס אונ ניט קענענ רירנ פונ אָרט:

— נעמ אימ, פאצאנ, דאָס איז ניט מער, ווי א שטיק פאדלע!

— כאָרכל ניט, אלטער בעגעמאָט!

גרויס איז אָבער געווענ דער פארדראָס, ווענ דער איבערגעבויגענער קאָפ פונ א יונגנ פאצאנ פלעגט ארײַנפאלנ פלוצלונג צו דער שטיק פלייש אונטער די אָרעמס אונ אינ איינ אויגנבליק איז שוינ דער יאט געלעגנ אריבערגעוואָרפנ אפ די לאָפּעטקעס לויט די אלע פינצטערע געזעצנ פונ דערדאָזיקער וויסנשאפט.

אינ יענעמ אָוונט האָבנ די אלטע געוינימ געווילדעוועט אפ דער בינע. שוינ אויס־געוואלגערט אלע יונגע כעווריע, זײַנענ זיי איצט ארומגעגאנגענ מיט וואקלדיקע שווערע טריט איבער דער בינע.

דעמאָלט איז עס געשענ. דער פעטער פאָליע האָט זיכ אופגעהויבנ — א הויכער, א בלאסער, מיט אָפּשטייענדיקע שטעכיקע וואָנצעס, אונ איז אוועק צו דער בינע. דאָרטנ, אינ א זײַטיקנ צימערל, האָט מענ אפגיכ אָראָפּגעצויגנ פונ אימ די בגאָדימ, איבערגעלאָזנ בלויז א מינ פּײַגנבלעטל אפ די לענדנ, אונ אימ ארויסגעשטופּט צו דער ליכטיקער ראמפּע. אָט דאָס איז דער פעטער פאָליע: א באוואקסענער, מיט לאנגע שפּיציקע הענט, מיט א ביינערדיקער ברוסט, ווי א ניט־גוט צונויפגעקלאפּטע קאסטנ. ער איז געשטאנענ אָנ באוועגונג, מיט איינ האנט אפנ דיכ, אונ בלויז געפּאָרשקעט מיט די וואָנצנ.

דערנאָכ האָט זיכ אָנגעהויבנ דער געראנגל.

דער גרויסער מײַסטער האָט ספּריטנע א הויב געטאָנ דעמ אָנגעגאָסענעמ בויכ אונ זיכ א לאָז געטאָנ, ווי א יונגער לאָשעק, צומ פעטער. דער פעטער פאָליע האָט פארשלאָפנ אויסגעצויגנ צו אימ די לאנגע הענט, אָנגענומענ אימ פאר די אקסלענ אונ אָפּגעשטויסנ. ער איז געווענ א קאלטער מאלעכ. האָט דער גרויסער מײַסטער געגעבנ א ריטשע אונ אַנגעכאפּט דעמ פעטער פארנ קאָפּ, אראָפּגעקוועטשט אימ צו זיכ אונטערנ הארצנ אונ געקליבנ זיכ שוינ אָפּטאָנ מיט אימ דאָס פראנצויזישע רעכט. דער פעטער פאָליע האָט זיכ דעמאָלט מיט קלאָגנ ארויסגעריסנ.

— לעבעדיקער, פאָליע, וועסט שלאָפנ אינ דער היימ!

— א בראזדענק אינ קאָפּ!

— א פּאָנאר אינ די אויגנ איז נאָכ בעסער!

— מיימעס אימ!

לאנגע, אָדערדיקע הענט האָבנ געפאָכעט ארומ זיכ, ווי פליגלענ פונ א ווינט־מיל. דער מײַסטער האָט זיכ שוינ גענומענ ערגערנ אונ קוועטשנ מיט די פלייצעס. דער אוילעמ

האָט געלאכט. פּלוצלונג איז דער פּעטער פּאַליע צוגעשפּרונגען, א קער געטאָן די זעקס פּוד צו דער ערד און ארופגעפאלן אף דעם, ווי א בערוועגע.

עס לאָזט זיך אויס, אז דער מײַסטער איז געלעגן. ס׳האָט ניט געהאָלפן, וואָס דער גרויסער קענער האָט פון אונטער אים געשריגן צום אוילעם, אז דער פּעטער קען ניט, ער הויבט ניט אָן צו פארשטיין אין דער זאך. אלע האָבן קלאָר געזען, ווי דער פּעטער פּאַליע האָט אים געלייגט, צוגעקוועטשט, צוגעדריקט, און, דאכט זיך, ווי סע געהער צו זײַן.

נאָכדעם האָט דער פּעטער ארופגעכאפּט אף זיך די מאלבושים, אָפּגעטראָגן זיך אהיים און געוואָלט, אז די מײַסע זאָל בלײַבן בעסאָד. אין שטוב איז דער פּעטער ארײַן א פינצטערער, ארײַנגעקראָכן באלד אין בעט און אריבערגעדעקט זיך איבערן קאָפּ, ווי א מיטל, קענטיק, צו פארשטיקן די זאך. די טרויעריקע ווײַבל זײַנע, וואָס האָט זיך ניט פארשטאנען אף דער פּסיכאָלאָגיע פון מענטשן, האָט אים גענומען וועקן:

— פּאַליע, נעם עפּעס אין מויל, פּאַליע!

ער איז אָבער געלעגן שטום, מיט די ארויסגעסטארטשעטע ביינער פון אונטערן קאָלדרע, ווי א שטיק מאמאָנט, און ס׳האָט אים ווײ געטאָן דאָס הארץ, וואָס ער האָט דאָרטן אין שפּײַזלער־קלוב ניט געקענט אײַנהאלטן זײַן פארדראָס און איז זיך ארויס אָנגעמען פאר א וועלט.

---

דער פּעטער יודע און דער פּעטער פּאַליע—צווײ זעלמעניאנער פּעטערס, וואָס האָבן זיך אָפּגעריסן פון שטראָם און גייען מיט אן אייגענעם וועג אין לעבן. קלאָר, אז דאָס זײַנען צווײ באזונדערע ביניאָנים, כאָטש ביידע קוקן מיט די פענצטער צו דער קאלטער זײַט. צווײ מאָרעשכוירעניקעס—איינער א גרינגערער, דער אנדערער—א שווערער, דער פּעטער יודע שפּילט פידל, דער פּעטער פּאַליע—ניט. דער פּעטער פּאַליע האָט פײַנט זײַן ווײַב, ווי דעם טויט, און דער פּעטער יודע איז נאָך שווער קראנק פון דער בענקשאפט צו דער מומע העסיען, וואָס איז אים אוועקגעגאנגען צוליב דער הונ. און דידאָזיקע גוטע זיך רעב זעלמעלעס האָבן צווישן זיך קיינמאָל קיין וואָרט ניט ארויסגעבראכט. צי דאכט זיך עס נאָר, אז זיי ריידן שוין אף צווײ ווײַטע, פרעמדע, באזונדערע שפּראכן?

ל. קוויטקאָ

# באלעגופ

(פונ דעמ ראָמאנ „יוינע לייעס")

(ס אָ פ)

האָט זיכ צעטראָגנ
א קלאנג איִנעמ מארק:
מע שלאָגט שוינ דאָרט, אויבנ,
מע שלאָגט אפנ בארג.
טוט זיכ דער מארק דאָ,
א ריב אונ א שפאר,—
פונ וואָגנס די רעדנעס
אפ גיכ א פארשאר.
קריינדעלע רעדט דאָרט,
ער ברענט אונ בראָט.
כאָדאָראָמ גייט דאָרט
די נייַע שטאָט.
כאָדאָראָמ גייט דאָרט,
מע ווערט געוויר:
— ס'פאָלק דרייט די דאשקעס
אויס אפ קאפויר.
ס'„פאָלק"? וואָסער „פאָלק"!
מע טיילט סאמאהאָנ.—
מע טיילט אונ עס גייט
כאָדאָראָמ, כאָדאָראָמ.
דאָס דרייענ באלעגופימ
די דאשקעס קאפויר.
ארויס איז פונ קלויסטער
ניקאָלסקע, דער טכויר,
די ריאסע צעיִאכמערט,
ער צייַלעמט דעמ מארק.
דאָס צעפל אימ שפרינגט
ווי א קראָ אפנ קארק.
„סלאווא! סלאווא!"—
ליארעמט באמ בריַ.—
ס'האָט זיכ באוויזנ
קלימענקעס כאווריַ.
דער גרויסער יאריד
צעשפאלט זיכ אינ מיט,
קלימענקע אליינ
פונ פאָרנט ער פליט.
אפ פערד אינ געלויפ,
די טשובנ ארופ,—
באנדיט נאָכ באנדיט.

„סלאווא! סלאווא!"—
אפ וואָגנס מע שפרינגט.
„סלאווא! סלאווא!"—
דער קלויסטער קלינגט.
דער פאָטער ניקאָלסקע,
פרעפלט אונ ברילט.
דער מארק באלעגופימ
צעסאָפעט זיכ ווילד.

די שפייַז אינ די טאָרבעס
צוריק מע פארבינדט.
„שנייַד די קאָמונע,
„די זשידעס שינד!"
מע שלעפט פונ די וואָגנס—

געווערן און העק.
„סלאווא! סלאווא!"
מע ציילעמט די שרעק.
„סלאווא! סלאווא!"
מע ציילעמט זיך בלינד—
„שנייד די קאָמונע,
„די זשידעס שינד!
„יוינען גיט הער!
„דעם שפאק, דעם סאָוועט!"—
מע הויבט דאָס געווער
ווו געפאקט—איז געפלעט.
א מויל שפייט ארויסעט
יושקע מיט ציין.
א קאָפּ ווערט געפלעטשט
מיט פּאָנעם צום שטיין.
„— די לייטישע יידן—
„קיין האָר פונעם קאָפּ!
„זיי נעמען די כוטערס
„בא אונדז ניט אָפּ!
„זיי דארפן קיין ערד ניט,
„זיי גראבען אונדז ניט.
„קיין סאָכרים, קיין קרעמערס
„טשעפּען מיר ניט".
„ניטאָ קיין יודעי,
„ניטאָ קיין עלין:
„זיי אלעם זיי שיצט
„אונדזער מענטשלעכער דין:"
„— סלאווא! סלאווא!
„רודעוועט בלינד!
„שנייד די קאָמונע,
„די זשידעס שינד!
„אלעם פארטיליקט
„פון קלויז ביזן וויג,—
„יעדער זשידאָק
„איז א שטיק באָלשעוויק".
— צעטראכקעט די ביידלעך,
צעשלעפּט וואָס געפאקט.
מאָרד אין די הייזער,
אין גאסן, אין מארק.
— געפאקט!
— וואָס געפאקט?
— ווער געפאקט?
— שוין געפאקט!
— דעם גאנצן סאָוועט,
דעם יוינע, דעם שפאק!
— קלימענקע איז יוינגן
ארייַן מיט דער שפּיז.
— דער שפאק ליגט געבונדן
פאר קריינעלעס פיס.
— גיט הער דעם סאָוועט!
— דעם שפאק אפּן שפּיז!
— אראָפּגעשמיצט יוינגן
דעם „פּאָלק" צו די פיס.
— די זאלצ און דעם ספירט!
— די זאלצ גיט ארויס!
— א טויטער ליגט יוינע
באם שטאָטישן הויז.

עס רייַסן זיך מאכנעס
אהין און צוריק.
ווער צו די קלייטן,
ווער צום פאבריק.
ווער צו די גווירישע
הייַזער מיט זעק
ווער צו פאבריקישע
געסלעך, מיט העק.
מעשטשאנעס צעצינדן
דעם ראד באקאלעי,—
פארכומעטע באבעס
פאראמען נאָך זיי.
א קנויל באלעגופים
די הייַזער צעפּראלט.
נאָך זיי פּאָלגן באבעס
מיט זעק און מע ראמט.
א קנויל כוטאָראנעס
די סקלאדן צעקנאקט,—
נאָך זיי פּאָלגן באבעס
מיט זעק און מע פאקט.

---

ווערט דער קאפּעלע
באם וואנט ניט באקוועם,
אין מערדערשער ענגשאפט

דערפילט זיך, אין קלעם.
א פלי טוט דער פידל,
מיט פינגער פון האנט,—
עס עקט זיך דער פידלער
אין ענגשאפט באם וואנט.
ווען עמעצנס ברויט
איז פון טאָרבע ארויס,—
ציט קאָנטראָבאס
צום לאכן זיך אויס.
דאָס ברויט אפ די שטיינער,
טוט אים דאָך באנק,—
האָט מען פונהינטן
אין קאָפ אים דערלאנגט.
נאָך דעם פאגאָטניק
געשפילט האָט דאָס גליק:—
ער האָט זיך בא דר'ערד
הינטער וואָגנס גערוקט.
— געהערט?
— וואָס געהערט?
— געפאקט?
— וואָס געפאקט?
— פארכאפט דעם סאָוועט,
מיט ניקיפאָרקע שפאק.
דער קליינער פאגאָטניק
אין שטרוי פארוקט,
פון הינטער א וואָגן
ער הערט און ער קוקט.
— מ'האָט יוינען געשליידערט
פון הויכן באלקאָן,
דאָס פאָלק כליבאראָבעס,
זיין רעכט זאָל אים טאָן.
ניקאָלסקע האָט פאשקען
בא קלויסטערשן וואנט,
אנטבלויזט זי פאר אלעם,
אפ העפקער, אפ שאנד.
— געפאקט, וואָס געפאקט?—
אבי נאָר גערעדט!
קיין האָרעלע פעלט ניט
דעם גאנצן סאָוועט.
זיי זיינען נאָך נעכטן
באנאכט אנטרינען.

— קלימענקע וועט פאקן,
קריין וועט געפינען!

עס רוקט זיך א כאָפטע,
פון בארג מיט געברילעכץ,
עס רוקט זיך א כאָפטע
און וואקסט ווי געשווילעכץ.
מיט רייטערס, מיט לויפערס,
מיט טלאָען געקלאפער.
פון בארג צו דעם ראט־הויז
זי רוקט זיך, די כאָפטע.
אינמיטן א מענטש גייט,
א מענטש, א געשטאלט דאָרט,—
זי רוקט זיך די כאָפטע,
צום ראטהויז דעם אלטן.
אין צענטער פון כאָפטע
א רינג פון באנדיטן.—
אין רינג יענער שפאנט דאָרט,—
ווער שפאנט עס אינמיטן?
די אָרעמס געבונדן,
דאָס פאָנעם צעבלוטיקט—
און דאָך, סארא שטאָלצקייט
ווי שטאָלץ און ווי מוטיק!
דער מארק האָט דערוווּסט זיך,
די שטאָט האָט דערציטערט.
די הינטערשטע גאסן,
זיי לויפן פארביטערט.
ס'האָט יוינען געפאנגען,
די באנדע, די מענגע,
אָט פירט מען דעם רויטן
צום ראָטהויז, אים הענגען.
— געהייסן האָט קריינדל
דאָרט שטעלן א טליע,
קלימענקאָ וועט הייסן
דאָס שטריקל פארציִען.
דאָס פאָלק באלאגופן
אכרייעס זאָל טראָגן.
זאָל שווערן באם טויטן
ביז לעצט זיך צו שלאָגן.

———

געבראַכט אים צום ראַטהויז,
געשטעלט פאַר די קראָמען.
באַקוקט ער די מאַכנע,
וואָס ברילט פון נעקאָמע,
פול נייַגער און בלוטזוכט
מע שטעלט זיך אַפּ וואָגנס,
מע שטעלט זיך אַפּ פערדלעך,
אַפּ דעכער פאַרטראָגט עס,
און איינס איבער צווייטנ
די אַקסל געצויגנ.—
סע קריכנ פון בלוטדאָרשט,
פון נייַגיר די אויגנ.
אָט שטייט די קאָמונע,
דאָס פּאָנעם צעבלוטיקט.
דאָך כוצפּעדיק קוקט ער
כויזעדיק, מוטיק!
דער שטריק איז פאַרוואָרפנ,
דער אורטייל איז פאַרטיק.
און יוינעס קאָל קלינגט,
צעקלינגט אומדערוואַרטעט:
אַפּילע איר הענגט מיך,
און צענ מאָל מיך הענגענ,
און צענ מאָל צענ מערער
צום טויט זאָלט איר ברענגענ,—
דער פּלאַנ פון מיליאָנענ
איז איינער און ריכטיק:
אייַך מוז מענ פאַרניכטנ,
אייַך וועט מענ פאַרניכטנ”.

און פּלוצים, פון ערגעץ
פון אונטער אַ וואָגנ,
דעם קליינעם פּאַגאָטניקל
ברענגט עס צוטראָגנ.
גאָר לייַכט, ווי צום טאַנצנ
ער טוט זיך אַ הוידע,
אַ וויג זיך, פאַרבויג זיך,
און פּלוצים—אָ, שוידער!
ער טוט אַ צעיאָג זיך,
אַ שפּרונג—און פאַרשווונדנ:
אַרייַנ אינ דעם אָפּגרונט
אינ סקלעפּ אינ דעם בלינדנ.

אַ ציטער האָט אַלעמענס
לייַבער צעיאָטערט:
מע ווייסט, אַז דער סקלעפּ דאָ
וואָס שטאַמט פון די טאָטערס,
איז פול, איז פאַרדומפּנ
מיט גיפטנ, פאַרסאַמט איז,
מיט היילנ, מיט זומפּנ,—
מיט מייסים פאַרקראַמטע!—
אַמאָל פאַר די אָרדעס,—
אַ וועג אַ פאַרהוילטער
אינ איצט ווער אינ סקלעפּ קומט,
דערשטיקט און פאַרקוילט ווערט.
קוקנ די כאָפּטעס צעמישטע
צום סקלעפּ ווי פאַרשטערטע.
און מאָדנע:—
פון אָפּגרונט
אַ שפּיל פון דאָרט הערט זיך:
— ער לעבט און ער שפּילט נאָך
אינ סקלעפּ מיט אַ פייַפל!—
וואָס ציטער, וואָס רופט ער,
— ניט מעגלעך, ס'אַ טייַוול!
און טייקעפּ געשיט ערשט,
מיט בליצנדער פלינקייַט:
ס'איז יוינע אַליינ
אינעם אָפּגרונט געשפּרונגענ.
אַ היכצ האָט אַ הויב געטאָנ
אַלעמ: „אימ כאַפּנ!”
צום סקלעפּ־לאָך אַ שפּאַר
נאָר געבליבנ פאַרצאַפּלט.
אַ ווייַלינקע שפּעטע,
אינ שוידער אינ שטילנ,
דערהערט זיך אַ הילכיק
אַ יובלדיק שפּילנ.

פון טיפ פונעם אָפּגרונט
און פרײלעך געלייַטערט,—
דאָס שפּילנ עס שטאַרקט זיך,
כאָטש ווייַטערט זיך ווייַטער.

דאָס ווייַטערט זיך יוינע
און פרייט זיך און גרויסט זיך,
סע שפּילט פאַר די כאָפּטעס
מיט שפּאָט און מיט כויזעק.

אווראָמ קאהאנ

# ארנ ליבערמאנ

(היסטאָרישער ראָמאנ).

(פאָרזעצונג).

## III

פונ קליינערהייט אָנ האָט ארנ־שמועל געשריבנ שיינ, קונציק, מיט געקינצלטע, געשנירלטע אונ געצאצקעטע אויסיעס.

ווענ דער זיידע רעב איצעלע האָט זײַנ באליבט אייניקל ארנ־שמועל אָפּגעגעבנ צומ גראָדנער מעלאמעד, האָט ער ניט געקאָנט וויסנ, אז דער גראָדנער מעלאמעד וועט אופוועקנ באמ טאלמיד א באזונדער אינטערעס צו שיינ שרײַבנ. אייגנטלעכ, האָט דער גראָדנער מעלאמעד ניט נאָר מיטגעווירקט ארנ־שמועלס שיינעמ קסאוו, ער איז געווענ פארנ טאלמיד דער ערשטער קוואל, פונוואנענ מע דערוויסט זיכ וועגנ פיל פארבאָטענע זאכנ. דער גראָדנער מעלאמעד איז געווענ א שטיקל מאסקל, ער האָט דערקענט אינ ארנ־שמועלנ א באגאבט קינד.

לאנגע שאָענ פלעגט דער מעלאמעד איבערלאָזנ אליינ דעמ טאלמיד אונ ערגעצ אוועקגיינ. ארנ איז געזעסנ אונ געשריבנ, אונ געצאצקעט, אונ געצייכנט.

ער האָט איינמאָל אָנגעמאָלט דעמ רעבנ זײַנעמ, דעמ גראָדנער מעלאמעד, ווי ער זיצט איבער ערטערס „הצופה לבית ישראל”, דער גראָדנער איז ארײַנגעקומענ אינ שטוב, צוגעגאנגענ צו ארענענ אונ, ווי זײַנ שטייגער, געפרעגט שטיל, שפּעטשענדיק:

— וואָס האָסטו עפּעס אופגעטאָנ?

דאָס ייִנגל האָט געשוויגנ. נאָר מיט די טיפע אויגנ געזוכט אפנ רעבנ א שטריכ, וואָס זאָל אימ צונוצ קומענ אפ צו פארענדיקנ זײַנ אָנגעהויבענע צייכענונג.

— וואָס באטראכסטו מיכ אזוי?

דאָס ייִנגל האָט געשוויגנ.

דער מעלאמעד האָט דערזעגנ אינ ייִנגלס הענט א בילד. ער נעמט עס בא אימ אונ ווערט בלאס. זײַנ באָרד האָט זיכ ציטעריק א וויג געטאָנ אונ איז אויכ ווי בלאס געוואָרנ.

דאָס ייִנגל האָט די צייכענונג פארקנייטש אינ דער האנט.

דער מעלאמעד האָט מיט דערשראָקענע הענט ארויסגעכאפּט די צייכענונג, זיכ אײַנגעקוקט, די אויגנ זײַנענ געלאָפנ איבערנ פּאפּיר אונ אלצ ניט געקאָנט זיכ אָנטרינקענ מיט

דעם אָרט, ווו דער אָנגעמאָלטער זיצט אונ לייענט דעם בוכ. דער מעלאמד האָט זיכ אומ־געקוקט צו דער טיר אונ צו די פענצטער.

— ארעלע, וואָס איז עס פאר א סייפער בא מיר אינ די הענט?

— איר זעט דאָכ, רעבע

— דו ווייסט וואָס פאר א סייפער עס איז?

דאָס ייִנגל שווייַגט.

— דו ווייסט?—פאלט דעם מעלאמעדס קאָל.

דאָס ייִנגל שווייַגט.

— דו ווייסט, דו באָכערעצ דו, דאָס איז אזא סייפער, וואָס מע טאָר ניט לייענענ?

— וואָס זשע לייענט איר?

— ווייַל גרויסע מעגנ עס לייענענ.

— איכ האָב עס שוינ געלייענט,— איז דאָס ייִנגל געווענ דערשראָקנ.

דער מעלאמעד איז שוינ איצטער געווענ רויט, אפנ שטערנ זייַנענ בא אימ ארויסגע-טראָטנ טראָפנס שווייס, ער האָט אָפגעווישט אלע ווייַלע, זיכ אומגעקוקט צי קיינער קומט ניט אָנ.

— די צייכענונג,— האָט דער מעלאמעד זיכ געבייזערט,— די צייכענונג געפעלט מיר, שיינ, פייַנ, אָבער דעם סייפער האָסטו געדארפט מאכנ אנ אנדערנ, גיב אהער דאָס פאפירל.

דאָס ייִנגל האָט שוינ צוריק געהאלטנ בא זיכ אינ די הענט די צייכענונג אונ זי געוואָלט באהאלטנ אונטערנ רעקל.

דער מעלאמעד האָט זיכ גענומענ דינגענ מיטנ ייִנגעלע.

— איכ האָב דאָכ דיר געזאָגט, אז די צייכענונג געפעלט מיר.

דעם ייִנגל איז איַינגעפאלנ:

— ווייסט איר וואָס, גיט מיר דעם „האצויפע״ איבערלייענענ.

— באמ מעלאמעד האָט זיכ אינ די אויגנ א מיש געטאָנ:

— וועסט אויסוואקסנ, וועסטו לייענענ.

— איכ בינ שוינ א גרויסער, אניט...

— וואָס אז ניט,— האָט דעמ מעלאמעד דער קאס א שלאָג געטאָנ אינ מויעכ. ער איז געגאנגענ צו דער טיר, זי צוגעשלעפט, געוואָלט זי פארריגלענ, נאָר, אפאָנעמ, זיכ געשעמט אונ גענומענ כאנפענענ:

— ארעלע, דו נעמ אונ מעק אָפ, ביסט א גוטער מאָלער, נעמ אונ מעק אָפ, שרייַב דאָרטנ ארופ אנ אנדער סייפער...

אָבער דער מעלאמעד האָט געקענט דאָס ייִנגל פאר אנ אקשנ. ארנ איז שוינ דעמלט אלט געווענ א יאָר צוועלפ אונ די אקשאָנעס איז אימ געלעגנ אינ א דינעמ קנייטשעלע צווישנ זייַנע טיפע, קלוגע אויגנ. אָט וועגנ דעמ קנייטשעלע האָט דער מעלאמעד אָפט גע־טראכט, אָט דאָס קנייטשעלע וועט ברעכנ אייַזנ, דעריבער איז אימ איצטער אייַנגעפאלנ אָפטרעטנ דעמ טאלמיד זייַנעמ.

ער האָט אזוי לאנג גערעדט, דער מעלאמעד, ביז ער האָט דעמ ייִנגל געבראכט צו טרערנ. דער מעלאמעד האָט זיכ אביסל דערשראָקנ, ניט געוווּסט וואָס צו טאָנ, מיט גוטנ האָט ער גענומענ איַינעמענ דאָס ייִנגל:

— איכל דיר געבנ דעמ סייפער, וועסט דענ פארשטיינ?

— פארשטיינ, איכ האָב שוינ אינ אימ ארייַנגעקוקט.

— שא, שא,— האָט דער מעלאמעד צוגעלייגט א פינגער צו די ליפּנ.

... ביז טיפ אינ דער נאַכט איז ארנ־שמועל געלעגנ איבערנ סייפער אונ געשלונגענ יעדער וואָרט.

דעם גראָדנער מעלאמעד האָט באנג געטאָנ צערײַסנ דעם טאלמידס צייכענונג. ער האָט קוים געפּויעלט, אז ארנ־שמועל זאָל אָפּרײַבנ דעם נאָמענ פונעם סייפער. איז געבליבנ א שיינע צייכענונג פונעם גראָדנער מעלאמעד, וואָס זײַנ טאלמיד ארנ־שמועל האָט געמאכט.

אפ יאָרנ־לאנג איז בא ארנענ פארבליבנ דער געשטאלט פונ דעם גראָדנער מעלאמעד דעם מאסקיל, וואָס האָט געציטערט, אז דער טאלמיד זאָל אים אויסגעבנ, אָבער דער טאלמיד האָט ניט נאָר אויסגעגעבנ דעם מעלאמעד, נאָר, פארקערט, זיכ פארברודערט מיט אים. ליבערמאנ האָט שטענדיק געפילט א ווײַטע בענקשאפט צום אוועקגעשטאָרבענעם מעלאמעד.

אינ יאָרנ ארום האָט ליבערמאנ. אינ דער ראבינער־שול זיכ ווידער גענומענ צום צייכענענ.

אינ ראבינער־שול האָט מענ עס געוווּסט.

אינ א שיינעם טאָג איז צו ליבערמאנענ צוגעגאנגענ פינ, דער אינספּעקטער פונ שול

— ליבערמאנ, מיר דארפנ אײַכ האָבנ.

ליבערמאנ איז געווענ איבערצײַגט, אז די געשיכטע מיט גרעטשאנינאָוונ איז דער־גאנגענ צום אינספּעקטער, ער האָט זיכ גיכ אָנגענומענ מיט הארצ: איינמאָל פאר אלע מאָל. ס'איז געקומענ א צײַט, אז קעגנ אזא לערער מוז מענ זאָגנ א הארב וואָרט. א נאריש־קײַט, וואָס ער איז ניט צוגעגאנגענ צו פינענ, איידער מע האָט אים גערופנ.

מיט אומגעדולד האָט ליבערמאנ געוואַרט ווענ פינ וועט אים שוינ ווידער רופנ.

שפּעטער אביסל טאקע, דעמזעלביקנ טאָג, בעשאס דער האפּסאָקע, האָט ליבערמאנ דערזענ דעם אינספּעקטער פארבײַגייענ לעמ דער סטאָלאָווקע, איז ער צו אים גלײַכ צו־געגאנגענ.

— איר דארפט מיכ, דוכט זיכ, האָבנ, סאמויל איסאקאָוויטש.

פינ האָט מיט אנ עמעס דיפּלאָמאטישנ קוק אָפּגעמאָסטנ דעם ראבינטשיק, אָנגעבלאָזנ מיט שטאָלצ זײַנ גוידערל אונ אביסל פארדראָסיק געענטפערט:

— איכל אײַכ רופנ.

ליבערמאנ האָט זיכ אָפּגערוקט, בעשאס מײַסע געוואָלט וויסנ, וואָס האָט עס דאָרטנ דער גרעטשאנינאָוו אָנגערעדט, אָבער אפנ אָרט האָט אים פארדראָסנ, פארוואָס איז ער ניט געדולדיק אונ לעמײַ ארט אים. נו, גוט, האָט גרעטשאנינאָוו זיכ אָנגעקלאָגט. ער וועט אופהייבנ קעגנ אים דעם גאנצנ קלאס מענטשנ, אלע קלאסנ, מע וועט זיכ צונויפריידנ, ער וועט אויסנוצנ די געלעגנהײַט אונ אפ דעמ נאָענטסטנ פּעָרטראג וועט ער דערציילנ וועגנ דעם רוסישנ לערער אונ אלע איינינעם וועט מענ עפּעס צוטראכטנ. אלע צוזאמענ איז מענ א קראפט. ס'איז ליבערמאנענ שטארק געפעלנ געוואָרנ דער געדאנק וועגנ דער קראפט, וואָס מע וועט ארויסשטעלנ קעגנ גרעטשאנינאָוונ.

קעגנ א מאסע איז שווער זיכ קעגנשטעלנ, מעג זײַנ אפילע אלע לערער אונ סע נעמט אים באנג טאָנ, וואָס ער האָט דעמלט שארפער ניט ארײַנגעזאָגט גרעטשאנינאָוונ. די אויגנ אונטער דעמ לערערס טונקעלע ברילנ זײַנענ געווענ ווייניק פארביטערט—האָט זיכ איצטער געדאכט ליבערמאנענ—ווייניק צעמישט. מע וואָלט געדארפט שטארקער זאָגנ, פינ האָט זיכ

דאפקע עטלעכע מאָל דורכגעדרייט אינ קאָרידאָר, בעפיירעש געזענ ליבערמאנענ אונ זיכ צו אימ ניט געווענדעט.

ערשט פארנ ענדיקנ די לימודימ האָט וולאדיסלאוו געזוכט ליבערמאנענ אונ אימ געהייסנ גיינ צומ „אינספעקטער”.

אריינגעקומענ צומ אינספעקטער, האָט דער ראבינטשיק דער ערשטער געוואָלט אָנהויבנריידנ וועגנ איניענ, וואָס איז געווענ אפנ לימעד פונעמ רוסישנ לערער.

דער אינספעקטער האָט געהאלטנ דעמ קאָפּ אָנאזייט אונ פּלוצימ זייער שטאָלצ געזאָגט:

— ליבערמאנ, די שול־אדמיניסטראציע האָט צו אייכ אנ איניענ.

— איכ ווייס,— האָט דער שילער קאלט געענטפערט.

בא פינענ האָבנ די ברילנ א שפרונג געטאָנ אונ דערשראָקנ געוואָרנ זיינע די אויגנ.

— איר ווייסט, ס׳איז דערוויל א סאָד, פונוואנענ ווייסט איר?

ליבערמאנ האָט פארשטאנענ, אז ניט צוליב דעמ האָט מענ אימ גערופנ אהער, איז ער בא זיכ געפאלנ:

— מעגלעכ אז איכ האָב א טאָעס.

אונ פינ האָט אימ דערציילט, אז אלעקסאנדער דער צווייטער גרייט זיכ צו קומענ קיינ ווילנע אונ די שול וויל אימ צוטראָגנ אנ אדרעס אונ געפאלנ איז דער גרויסער קאָוועד אפ ליבערמאנענ, אז ער זאָל דעמ אדרעס אָנשרייבנ.

— אייער קסאוו,— איז פינ געווענ צוגעלאָזט,— אייער קסאוו איז אונדז באקאנט, אונ דערצו א פּאָר ווינ־עטקעס. נאָט אייכ דעמ פּלאנ פונ דער וויכטיקסטער ווינ־עטקע: אינמיטנ דער מאָנארכ, נאָר מאָלט אימ אָנ מיט א יִראס־האקאָוועד, מאכט אימ שיינ, וויפל איר פארמאָגט שיינקייט אינ אייער פענדזל גיט ארייג אינ דעמ לייטזעליקנ מאָנארכ אונ ארומ אלע שטאנדנ: די אדל־לייט, די סאָכרימ אונ די פּויערימ. יאָ, די פּויערימ מעג מענ אנידערשטעלנ אפ די קני. פּארשטאנענ? — אונ פינ האָט זיכ אוועקגעשטעלט אינ א פּאָזע פונ א פּויער אפ די קני—אונ לאָזנ זיי זיכ אָנעמענ פאר די הענט, אָדער ניינ, מע דארפ ניט, די פּויערימ מיט די אדל־לייט אינ געשלאָסענע הענט, מע דארפ ניט. אָבער די אידייע האָסטו באנומענ?

ליבערמאנ איז געווענ איבערראשט אונ אנטוישט. ער האָט זיכ געהאט צוגעגרייט א גאנצע דראָשע וועגנ גרעטשאנינאָוונ, אונ ס׳האָט זיכ אויסגעלאָזט א געשיכטע מיט אנ אדרעס.

פינ האָט איבערגעגעבנ ליבערמאנענ דעמ טעקסט אונ אימ ארויסגעפירט פונעמ צימער. ער איז געבליבנ שטיינ אינ קאָרידאָר מיטנ פאפיר אונ אלצ ניט געוווּסט וואָס צו טראכטנ וועגנ דעמ.

אינ א מינוט ארומ איז אפגיכ דורכגעגאנגענ צוערשט גרעטשאנינאָוו, נאָכ אימ פינ, וועלכער האָט זיכ אָנגעבויגנ אונ ארייננעקוקט ליבערמאנענ אינ די אויגנ אריינ.

— נו, ליבערמאנ, איר האָט באנומענ, טראכט אליינ אויכ עפּעס צו. אירט מיר וויזנ.

דעמ שילערס אויסזענ איז געווענ א גלייכגילטיקער, ער האָט גאָרניט געענטפערט.

צו זיינע אויערנ האָט זיכ דערטראָגנ פינס קאָל:

ער איז א טרוימער, אונדזער ליבערמאנ!

— אפּאָנעמ, עס איז געווענ געזאָגט צו גרעטשאנינאָוונ, ווענמענ פינ איז נאָכגעגאנגענ מיט זיינ עכט דיפּלאָמאטישנ אונ שטאָלצנ אויסזענ פונ אנ אינספעקטער, וואָס געדענקט גוט זיינ פּאָסט אונ זיינ ווירדע אינ דער ווילנער יִדישער ראבינער־שול.

א פּאָר אפּדערנאַכטן איז ליבערמאַן געזעסן פלײַסיק באַם גוויר רעב מוישע טראָצקי אינדערהיים און געשריבן דעם אַדרעס. דעריקער האָט ער אוועקגעלייגט מי און קויכעס אָפּ די וויניעטקעס. ס'איז אים אײַנגעפאַלן אויסמאָלן גאָר א קונציקע וויניעטקע. ער האָט עטלעכע מאָל איבערגעמאַכט, געמעקט, אויסגעמאָלט און געמעקט.

ראָכל, די מיידל מיט די לאַנגע צעפּ, ווי בײַטשן, האָט זיך אוועקגעשטעלט, הינטער ליבערמאַנס פלייצע און נאָכגעקוקט זײַן יעדער באַוועגונג. אינמיטן, ווען דער בויגן פּאַפּיר האָט זיך אראָפּגעגליטשט אפּן דיל, האָט זיך ראָכל געלאָזט אים אופהייבן, ליבערמאַן האָט זיך אויך געלאָזט אופצוהויבן דעם בויגן. אָנגעבויגענערהייט האָבן זיךביידע באַגעגנט אפּן דיל לעם בויגן פּאַפּיר. זייערע ביידנס אויסגעשטרעקטע הענט זײַנען שוין געלעגן אפּן פּאַפּיר.

ראָכל האָט געשמייכלט מיט די אויגן, זי האָט זיך אביסל פאַרשעמט, צוערשט פאַרדרייט מיטן קאָפּ, נאָר די האַנט איז אַלץ געלעגן אפּן אויסגעשפּרייטן בויגן, וואָס אפּן דיל.

ליבערמאַן האָט זיך שוין געהאַט אופגעשטעלט און אראָפּגעקוקט צו דער מיידל, וואָס איז אַלץ געזעסן אפּ די שפּיץ פינגער. ער האָט אריבערגעפירט די אויגן פון דער מיידל אפּן אויסגעצאַצקעטן בויגן פּאַפּיר און פונעם בויגן פּאַפּיר צוריק אפּ דער מיידל. ס'איז ניט קלאָר געווען, וואָס סע אינטערעסירט מערער: צי די קונציקע וויניעטקע, צי ראָכל. אביסל פאַרלאָרן בויגט ער זיך אָן צוריק אפּ די קני:

— פּאַמעלעך, וועסט אויסשמירן.

דער מיידלס בליק האָט זיך אָפּגעשטעלט אפּ עפּעס און ס'איז קענטיק געווען, אַז זי איז פאַרכאַפּט:

— ארן, א קרוין, אַן עמעסע קרוין.

ליבערמאַן האָט זיך דערפרייט, וואָס די מיידל האָט דערקענט און אויסגעשיילט פון די פּאַרדרייטע, שאַלשעלעסדיקע צאַצקעס דעם אינהאַלט, וואָס ער האָט ארײַנגעלייגט אין זײַ פלײַסיקער, ציכטיקער וויניעטקע. א שמייכל פון פאַרגעניגן האָט אים אופגעריסן זײַן ניט איבעריקס שיינע שורע ציין, די ליפּן האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט שמייכל, זיי זײַנען פון דעם געוואָרן פריילעכער.

ער האָט זיך אפּגיך א ריס געטאָן פון דעם דיל, די מיידל איז אַלץ געבליבן זיצן און מיט די הענט צוגעהאַלטן דאָס פּאַפּיר. זי האָט אים געקוקט אין דער מינע ארײַן. ווען זי פאַרשטייט, אַז ער בעט זי אופשטיין און אופהייבן די פּאַפּיר, טוט זי זיך אפּגיך א הייב אופּ און בלײַבט שטיין וואַרטנדיק, ער בויגט זיך אָן, הייבט אופּ דעם בויגן און באַגראָבט זײַנע אויגן אין דער ניט פאַרענדיקטער צייכענונג.

דערווײַל איז אָנגעלאָפן דער קליינער הערשעלע, קלינגענדיק ארײַנגעבראַכט א קינדערשע אומרויִקײַט און צעשטערט זייער שטיין איינס קעגן אַנדערן.

די מיידל האָט א פּאָכע געטאָן מיט די לאַנגע צעפּ און איז ארויסגעגאַנגען פונעם צימער. הערשעלע איז נאָכגעגאַנגען דער שוועסטער.

ליבערמאַן איז געבליבן אליין אין צימער, ער האָט זיך ווידער גענומען צו דעם אַדרעס, אים געפּאַסט אין די איידעלע אָדערן פון דער פאַרצווײַגטער וויניעטקע. שפּעטער, ס'איז שוין געווען טיף אפּדערנאַכט, איז ראָכל ווידער ארײַנגעקומען מיט יענער דאָרשטיקײַט אין די אויגן, וואָס איז אייגנטלעך פאַר איר עלטער, ווען א מיידל ציט זיך מיט אַזא פאַרבאָרגענער וואַרעמקײַט צו זײַן אין נאָענטקײַט מיט א באָכער. זי האָט נאָך זיך פאַרמאַכט די טיר.

ליבערמאנ האָט זיכ געמאכט ניט הערנדיק. א מאָדנער אקשנ איז געווענ אָט דער מענטש, בא וועמענ ס'איז שוינ לאנג געווענ באוואקסנ דער פּאָנעמ מיט געדיכטע קרייַזלעכ האָר. ער האָט זיכ געגאָלט פונ צייַט צו צייַט, זעט אויס, אז ער פלעגט זיכ אליינ גאָלנ, וויַיל אפנ פּאָנעמ זייַנענ נאָכ פריש געווענ סימאָנימ פונ די שניטנ אינ אייניקע ערטער. ליבערמאנ איז געווענ אומגעדולדיק אונ פלעגט די אָנוואקסנדיקע דראפּעלעכ אפ די שניטנ אראָפּרייַסנ, דעריבער זייַנענ די דראפּעלעכ געווענ פריש אונ זיכ ניט פארהיילט. ראָכל איז געשטאנענ הינטער אימ.

דער צימער איז געווענ אייַנגעטונקט אינ טונקעלנ שייַנ, וואָס די ליכט האָבנ ארויסגענעבנ פונ זייערע אויסגעצויגענע העלדוער. זיי האָבנ געקנאקט, די ליכט. אפ די ווענט האָבנ זיכ געוויגט די שאָטנס פונביידע יונגע מענטשנ.

ראָכל האָט געפרעגט:

— איר האָט שוינ געענדיקט?

— נאָכ ניט,— האָט ער אויסגעדרייט דאָס פּאָנעמ צו איר.

— אזוי לאנג?— זי האָט מער ניט געהאט וואָס צו זאָגנ, דעריבער האָט זי גענומענ די צייכענונג פונ זייַנ האנט אונ געקוקט אפ איר.

— איר לייענט גאָרניט, איכ האָב אייַכ קיינמאָל ניט געזענ לייענענ,— האָט ליבערמאנ פּלוצימ געזאָגט.

ס'האָט זי איבעראשט, זי האָט אימ ניט געוווסט די ערשטע מינוט וואָס צו ענטפערנ.

די מיידל פינטלט מיט די אויגנ אונ טרייסלט ניט ווילנדיק מיטנ קאָפּ, גלייַכ זי איז גרייט אָפּטרייסלענ פונ זיכ עפּעס א מיִעסע באשולדיקונג. ער קוקט אפנ פּאפּיר, וואָס ער לאָזט ניט ארויס פונ דער האנט, אונ רעדט וויַיטער:

— אינ ראבינער־שול זייַנענ דאָ קרייַזלעכ, מע לערנט, מע ארבעט, מע בילדעט זיכ. א שאָד, וואָס עס זייַנענ ניט פאראנ קיינ שולנ פאר מיידלעכ. אונ טאקע אנ עמעס, וואָס ווערט עס מיט א יִדישער מיידל.

די מיידל איז רויט, ס'בריִענ איר אזש די אויערנ:

— איר ווייסט, ליבערמאנ, פארוואָס זאָלט איר ניט געבנ עפּעס, ניט פאָרלייגנ עפּעס לייענענ, איר זענט א פארבאָרגענער.

ס'האָט אימ דערמאָנט זייַנע אייניקע כאוויירימ'ס טייַנעס, ערגעצ האָט ער שוינ געהערט אזא באשולדיקונג.

ער האָט ניט געפילט סע זאָל זייַנ עמעס.

די מיידל האָט אָנגעבויגנ צוערשט דעמ קאָפּ, באהאלטנ די אויגנ, די לאנגע טונקעלע וויִעס האָט מענ קוימ־קוימ אָנגעזענ, דערנאָכ איז איר פּאָנעמ מיטאמאָל ארייַנגעפאלנ אינ די מיידלשע צעשפּרייטע הענט אונ זי האָט זיכ צעוויינט. ליבערמאנ האָט זיכ דערשראָקנ, ניט געוווסט וואָס צו טאָנ. דער בויגנ פּאפּיר איז ארויסגעפלויגנ פונ אירע הענט אונ א פּאטש געטאָנ טרויעריק איבערנ דיל.

די מיידל איז וויינענדיק ארויסגעלאָפנ ערגעצ אינ די שטיל־אָטעמדיקע וויַיטע צימערנ. געבליבנ אליינ, האָט ער זיכ ווידער ארייַנגעטאָנ אינ דער ארבעט מיט ברענ.

— א מאָלער, א גרויסער מאָלער ווערנ,— האָט א גאנצע נאכט ניט אופגעהערט ליבערמאנ צו טראכטנ,— ס'איז פונ לאנג געווענ זייַנ אידייע. וואָס־זשע, ענדיקנ די ראבינער־שול אונ ווערנ א לערער? ס'א טאכלעס פאר שאפירענ, פאר פייַנשטיינענ, פאר די איבעריקע גרויע ראבינטשוקעס.

— אכ, א מאָלער, א סקולפטער, א פאָרטרעטיסט!

די לעצטע ליכט איז אויסגעגאנגענ, א ביסל כיילעו האָט זיכ צעגאָסנ איבערנ לײַכטערל, אראָפּגערונענ, דער קנויט איז אומגעפאלנ, צוריק זיכ אופגעהויבנ, גלײַכ א לעבעדיקער וועזנ בעט הילפ אימ צו ראטעווענ, דערנאָכ זיכ איבערגעבויגנ אפ דעמ צעגאָסענעמ ביסל כיילעו אונ אײַנגעזונקענ אינ דער פינצטערניש. ביז דעמ לעצטנ אָטעמ פונ דער אויסגעגאנגענער ליכט איז ליבערמאנ געזעסנ.

---

ס'האָט זיכ דערנעענטערט דאָס קומענ פונ אלעקסאנדער דעמ 2־טנ קײַנ ווילנע. מע האָט מוירע געהאט פאר די „פינצטערע קויכעס", ווי די היגע צײַטונג „ווילענסקי וועסטניק" פלעגט אָפּט אָנרופנ די פרעמדע עלעמענטנ—די יידנ אונ די פאָליאקנ, אָבער די יעדיִעס וועגנ קייסערס קומענ זײַנענ דורכגעדרונגענ דורכ אלע שפאלטנ אינ די אָפיציִעלע אנשטאלטנ. אונ מע האָט זיכ צו דעמ געגרייט.

פינ דער אינספעקטער איז אלע טאָג ארומגעגאנגענ איבער די צימערנ פונ דער ראבינער־שול. די מאשגיכימ זײַנענ אימ נאָכגעלאָפנ, געקוקט פינענ אינ זײַנע גלאנצנדיקע ברילנ, וואָס האָבנ אימ צוגעגעבנ דעמ דיפלאָמאטישנ גרויסהאלטערישנ אויסזענ, אונ שטילערהייט זיכ געשראָקנ, עפשער וועט ער געפינענ עפּעס א כעסאָרנ.

פינ האָט זיכ געבויגנ אינ די ווינקעלעכ, הינטער די בעטנ. אז ער האָט דערזענ שפינוועבס, טוט ער זיכ א פלינקנ דריי אויס צו די מאשגיכימ. זײַנ פּאָנעמ דעמלט: גלײַכ ער האָט אנטדעקט א געפערלעכנ פארברעכנ...—דאָס איז אײַער האשגאָכע—זאָגנ דעמלט זײַנע אויגנ—אונ ער איז גרייט דעמ געפונענעמ שפינוועבס אופהענגענ די מאשגיכימ אפ די נעזער.

זיי דערקענענ פינס אומצופרידנקײַט אונ גלײַכ זיי ווילנ זיכ איבערצײַגנ צי ס'איז שפינוועבס, טונקט אײַנ איינער פונ זיי די האנט אינ שפינוועבס אונ טראָגט עס צו צו די אויגנ. די פעדעמער האָבנ זיכ איבעגעסמילעוועט אונ אינגאנצנ צעגאנגענ אפ דער האנט.

פינס ברילנ האָבנ נאָכגעקוקט די האנט, וואָס איז געווענ אײַנגעוויקלט אינ די איבערגעצופטע שפינוועבס אונ געגלאנצט מיט א כידעש: ווו וועט דער מאשגיעכ אהינטאָנ די האנט מיט די בלאסע פעדעמער? זיי האָבנ אָבער באלד דערזענ בא איינעמ א שילער אונטערנ בעט א פאָר אלטע שיכ אונ פארגעסנ אָנעמ שפינוועבס, פינ האָט זיכ צעשריִענ אונ, שרײַענדיק, איבערגעלאָזנ ביידע מאשגיכימ.

די שילער אינ די קאָרידאָרנ האָבנ געוווּסט וועגנ די יעדערשאָיִקע רעוויזיעס, וואָס פינ מאכט אונ זיכ געווערטלט:

— מע זוכט שוינ אלעקסאנדערנ אונטערנ בעט.

אינ איינעמ פונ די קלאסנ איז ארומ ליבערמאנ געשטאנענ א ראָד שילער אונ באטראכט דעמ אדרעס, וואָס ער האָט געבראכט מיט זיכ.

פונעמ פרישנ ציכטיקנ בויגנ פאפיר האָט אראָפּגעקוקט א געשלענגלטע אונ פײַנע וויניעטקע. זי האָט ערגעצ פארנארט מיט אירע קונציקע דריידלעכ אונ געצויגנ אונ גערופנ דאָס אויג, די שילער האָבנ אפילע ניט איבערגעלייענט דעמ אינהאלט פונעמ אדרעס, נאָר, דעריקער, זיכ אינטערעסירט מיט דער וויניעטקע אונ מיט די צייכענונגענ ארומ דעמ אדרעס.

ליבערמאנ האָט געהאט פארגעניגנ זיכ צוקוקנדיק, ווי כידעשדיקע באגײַסטערטע אויגנ זײַנענ פארכאפּט מיט זײַנ ארבעט. זײַנ פּאָנעמ איז געווענ רויִק פונעמ פארגעניגנ, נאָר

די סיפע אויגנ מיד אונ די וויִעס ווי אָנגעבראַקנעט פונ דעם, וואָס ער איז ניט געווענ אויסגעשלאָפנ.

מע האָט אים אויסגעפרעגט וויפל האָט בא אים געדויערט צו מאַכנ די צייכענונג. ער האָט פאַרשידנ געענטפערט אונ ניט אַרויסגעלאָזט פונ זײַנ אויג דעם בויגנ. ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז עמעצ וויל אויסכאַפּנ זײַנ אַרבעט, אַפ וועלכער ער האָט אַזויפיל האָרעוואַניע געפּאַטערט. זײַנ געפיל האָט אים ניט אָפּגענאַרט. פונ דער זײַט איז צוגעקומענ קעלטער, אַ ראַווינויסט פונעם עלטערנ קלאַס. פונ זײַנ אַריבערקוקנ דורכ אַ שילערס אַקסלענ איז געווענ צו דערקענענ, אַז קעלטערס בליק איז שויִנ באַקאַנט מיטנ דאָזיקנ בויגנ, אַרום וועלכנ מע שטופּט זיך איצטער. דערנאָכ האָט ער אַ ציִ געטאָנ ליבערמאַנענ באַמ אַרבל אונ אים געבעטנ אָנ אַ זײַט. ליבערמאַנ באַטראַכט קעלטערנ:

— וואָס איז?

— אַפ אַ פּאָר ווערטער—זאָגט רויִק קעלטער.

ליבערמאַנ וויל ניט אַרויסלאָזנ דעם בויגנ, וואָס איז באַקלעפּט מיט עטלעכע שילערס הענט.

— די מעציִע מעגסטו געטרויִענ,—האָט קעלטער ווידער שמעכיק אַ וואָרפ געטאָנ אונ צו אים געווונקענ, אַז ער וויל מיט אים ריידנ.

ליבערמאַנ האָט פאַרשטאַנענ, אַז קעלטערס שמערדעס זײַנענ ניט פונ פערזענלעכער קינע, דאָ שמעקט מיט עפּעס אַנדערש, ער האָט פריִער געוואָלט צונויפוויקלענ דעם בויגנ פּאַפּיר, אָבער קעלטער האָט שטײַפ אַ שלעפּ געטאָנ אונדזער קינסטלער צו זיך.

— האָב ניט מוירע פאַר דער צאַצקע.

ליבערמאַנ איז אים נאָכ.

אינ אַ ווינקל האָבנ זיי זיך אָפּגעשטעלט. ליבערמאַנ וואַרט.

— ווי שעמסטו זיך ניט?...

אונ קעלטערס שטאַרקע שטימ האָט זיך איבערגעריסנ, ער האָט אַרופגעלייגט זײַנע הענט אַפ ליבערמאַנס שאַרפע אַקסלענ.

— מיט וואָס שעמענ זיך?—איז ליבערמאַנ נײַגעריק.

א שווײַגנ.

דערנאָכ, ווענ ליבערמאַנס אויגנ האָבנ זיך צונויפגעצויגנ. (ער האָט געוואָלט באַנעמענ קעלטערס פראַגע) האָט קעלטער קאַלטבלוטיק ווידער געפרעגט:

— דו, דיכ האָט מענ געפונענ שרײַבנ אַנ אַדרעס פאַר דעמ צאַר?

ליבערמאַנס אויגנ האָבנ זיך נאָכ מער צונויפגעצויגנ ער הייבט אָנ צו באַנעמענ קעלטערס אומרויִקײַט.

— פאַר דעמ טאַליענ.—פאַלט קעלטערס שטאַרקע שטימ. אונ זײַנע הענט ליגנ ווידער אַפ ליבערמאַנס אַקסלענ.

— וואָס זאָגסטו, קעלטער?

— דו ווייסט לייענע רעפּעראַטנ וועגנ די פּאָרגעשריטענע מענטשנ אונ ווייסט שרײַבנ אַדרעסנ פאַר...

קעלטער האָט ניט געענדיקט, זיך אומגעקוקט, ליבערמאַנ האָט געבלאָנקעט מיט די אויגנ, געזענ פונ דערווײַטנס, ווי זײַנ אַרבעט—דער בויגנ פּאַפּיר—גייט איבער פונ האַנט צו האַנט אונ זײַנע געדאַנקענ זײַנענ איצט געווענ פול מיט קעלטערס שטראָפנדיקע רייד.

— קעלטער, פאַרשטייסט, אַז איכ האָב געמאַכט בלויז אַ ווינייעטקע, אַ צייכענונג.

— אונ דער אַדרעס?—איז שטרענג קעלטער.

— דער אדרעס? האָט זיך אַליין איבערגעפרעגט ליבערמאן, אָך, יאָ דער אדרעס איז פאראן אין דער וויניעטקע. אפ ליבערמאנס פּנים איז אומגעגאנגען א שאָטן, פון גרויסן אומגעלומפּערטן צווייפל. אין די אויגן איז אַלע רעגע ווי עפּעס קלאָר געוואָרן און צוריק פארלאָשן געוואָרן.

— מיר איז גאָרניט געגאנגען אין דעם אדרעס.

קעלטערס געזונטע פיגור, וואָס איז ווי אויסגעשניטן און אויסגעמאָסטן פון היפּשע אייוורים, איז שוין געווען פון דערווייטנס. ליבערמאן האָט זיך א וואָרף געטאָן צו דער ראָד כאַוויירים, אין וועמעס הענט ס'איז אומגעגאנגען דער בייגן פּאַפּיר.

ס'האָט זיך אויסגעדאכט, אז מע וועט אים שוין ניט אָפּגעבן זיין ארבעט, אזוי האָט זיך אים געדוכט: מע האָט זיך צונויפגערעדט.

ס'איז אים געווען הייס, ס'האָט אים ווי געוואָרגן, ער האָט געשלונגען און געלעקט מיטן צונג די פארסמיַיעטע ליפּן.

— דער אדרעס איז אין א וויניעטקע,—האָט אים געקלאַפּט אין די שלייפן,—דער אדרעס צום אימפּעראטער אלעקסאנדער דעם צווייטן. גערעכט, קעלטער. און ער, ליבערמאן, האָט בלויז באמערקט די צייכענונג... זיינע פינגער האָבן זיך געגליטשט איבערן בויגן ווי עפּעס איבער א שערעץ. אזוי האָט אים קעלטער מיטאמאָל פארמיָעסט זיין ארבעט. א קאַלטער שערעץ, וואָס האָט זיך באוועגט און איז אַלץ שווערער און שווערער געוואָרן אין זיינע הענט.

— ליבערמאן, האָט מען אים געטאָרעט פון אַלע זייטן,—וואָסי, הערסט ניט ווי סאמויל איסאקאָוויטש רופט דיך, ליבערמאן, זעט נאָר, ער שלאָפט, אפ מיין וואָרט,—האָט מען ארום אים געלאכט.

ליבערמאן האָט דערהערט די כאַוויירימס געפילדער און דערזען דעם אינספּעקטער, וואָס איז געשטאנען פונדערווייטנס און געווארט.

— באלד, באלד,—האָט ליבערמאן זיך א כאַפּ געטאָן,— באלד, א רעגעלע,—פארנויגט ער זיך פארן אינספּעקטער. ער איז ארויסגעלאָפן שוואליאָם פונעם קלאַס.

פין האָט אים נאָכגעקוקט, האלטנדיק פאריסן זיין שיין אוועקגעשטעלטן קאָפּ אפ די אַקסלען, וואָס ער האָט אָן אופהער שטייענדיק געהויבן און אראָפּגעלאָזט:

— וואָס איז עס געשען מיט ליבערמאנען?

די ראָד כאַוויירים האָבן זיך אונטערגערוקט צום אינספּעקטער, ניט געוווּסט וואָס סע קומט דאָ פאָר. אין א רעגע ארום האָט פין זיך געווענדעט צו די שילער:

— גייט זאָגט אים—איך רוף אים.

און נאָכגעשריִען א פּאָר כעוורע, וואָס האָבן זיך געלאָזט דעריאָגן ליבערמאנען:

— אים דארף איך ניט. דעם אדרעס גיט אהער.

קעלטער האָט זיך געלאָזט נאָך ליבערמאנען און אים שוין ניט געטראָפן פון הינטן. דעם גאנצן טאָג איז ליבערמאן ניט געווען אין ראבינער־שול.

## IV

קעלטער האָט געוווינט אין א פארוואָרפענעם ווינקל אין פּאָלעש פון קאָרשול „טאהאַ־ס־האקוידעש".

אין פּאָלק האָט מען דידאָזיקע קאָרשול גערופן די בערלינער שול, ווייל אייגנט־לעך האָט מען דאָרטן ניט געדאוונט—אזוי האָט דאָס פּאָלק זיך געווּיצלט—נאָר געמאכט געשעפטן, אָדער גערעדט.

קעלטער האָט ניט געהאט ווּ צו וווינען.

ער האָט געשטאמט פון זייער אָרעמע עלטערן, ס'איז געווען א סוואָרע, אז ער איז אנטלאָפן פון דער היים. און קימאט זיך קיינמאָל ניט איבערגעשריבן מיט זײַנע אייגענע.

ווען מע פרעגט אים וועגן זײַנע עלטערן, וועגן זײַנע אייגענע—דרייט ער זיך מערסטנטייל אויס פון עפעס צו ענטפערן, אניט טוט ער א בורטשע:

— פאראן, פאראן...

— ווּ, צאליק?

— אין פאָדאָליע.

— אין וועלכער שטאָט?

— אין קאמענעצ. ניין, ניין, וואָס זאָג איך.

איז מען אָפגעטראָטן פון אים, ווײַל מע האָט פארשטאַנען ער וויל ניט זאָגן.

און כאָטש ער איז שוין געווען אין אן עלטערן קלאַס פון דער ראבינער־שול, ס'האָט אים עפשער געקומט צו וווינען אין די צימערן פון שול, האָט ער ווײַזט אויס, ניט פארדינט בא דער אדמיניסטראציע און איז געבליבן אָן א וווינונג. אגעוו, עסן האָט ער דאפקע געגעסן ווי פיל אזוינע, וואָס זײַנען געווען אף קאזיאָנע קעסט, אָבער אן אָרט אף שלאָפן, האָט מען אים ניט געגעבן.

מעגלעך אין דעם איז ער אליין געווען שולדיק. ער איז באשטאנען אף זײַנע רעכט און די מאשגיכים האָבן זיך שוין צוגעפלײַסט. ער האָט מיט זײַן קרעפטיקן אויסזען געשראָקן די מאשגיכים. באזונדערס אָנגרײַפעריש, און צוטשעפענדיק איז געווען קאסיק, דער ייִנגערער מאשגיַכ. דאָס נידעריקע מענטשל, וואָס פלעגט מוירע האָבן פאר דעם הויכן שילער צאליק קעלטער.— האָסט ווּ צו וווינען—ניטאָ קיין ערטער —האָט מען אלעמאָל באם קאָמפלעקטירן די צימערן, אָפגעוואָרפן קעלטערס געדאנק און ווילן צו וווינען אין די קאזיאָנע צימערן.

קעלטער איז געווען א פארשוין מיט אייגנליבע. ער האָט זיך גאָר באזונדערס ניט געוואָלט שטעלן מיט די מאשגיכים און קיין איינמאָל זיך ניט געקלאָגט — ניט פארן אינספעקטער און ניט פארן דירעקטער.

נאָענט און באפרײַנדעט איז קעלטער געווען מיטן לערער פון העברייִשער גראמאטיק, מיט זאלקינדן. מעגלעך דערפאר, ווײַל קעלטער האָט אויסגעצייכנט געקענט רוסיש און זאלקינד האָט קיין וואָרט רוסיש ניט געקענט און זיך געשעמט דערמיט.

זאלקינד האָט א פאָר מאָל פארטראכט ארויסצוגעבן א גראמאטיק מיט א איבערזעצונג אין רוסיש און געוואָלט אויסנוצן צוליב דעם צוועק דעם שילער קעלטער.

אדאנק זאלקינדן האָט צאליק קעלטער באקומען דאָס רעכט צו וווינען אין דער „בערלינער שול". אניט וואָלט ער ניט געהאט ווּ צו זײַן און, מעגלעך, געדארפט אוועקפאָרן פון ווילנע.

א קליינינקער, א דארינקער, א גרויער, איז זאלקינד געווען באוועגלעך ניט לויט זײַנע יאָרן. די וואסערדיקע אויגן זײַנע, זײַנען צאפלדיקע שטענדיק געשפרונגען אפן גוטמוטיקן פּאָנעם און ווי געגרופן צו זיך.

זאלקינד האָט ליב געהאט אראָפּצוקוקן צום שילערס צעריסענע שיך, פון וואנען באָרוועסע פיס האָבן אומעטיק ארויסגעקוקט. און אמאָל פלעגט זאלקינד קוקן אפן שילערס העמד, וואָס האָט ארויסגעקוקט מיט א צעפיצלטן מאנקעט אָדער מיט א צעדריפּעטן קאָלנער.

— קעלטער, איך דארף אײַך האָבן—זאָגט איינמאָל זאלקינד.

קעלטער שווײַגט.

זאַלקינד האָט גוט געקענט דעם שטאָלצנ שילער, פאַרשטאַנענ אַז ער וועט ניט קומענ צו אים, ווײַל זאַלקינד האָט געקוקט אים אַפ די שיכ.

— קעלטער, איכ דאַרפ אײַכ האָבנ. איכל אַפ אײַכ וואַרטנ אינדערהיים. איכ האָב פאַר אײַכ אַ קוואַרטיר—אונ דער לערער איז געוועג איבערצײַגט, אַז דער שילער וועט קומענ.

דעמזעלביקנ טאָג איז קעלטער געקומענ.

זאַלקינד איז געזעסנ באַ אַ צוגעגרייטנ טיש אונ געוואַרט אַפ עפּעס.

דעמ ראַוויניסט האָט זיכ אויסגעדאַכט, אַז דער לערער וואַרט אַפ אים, ער האָט געמיינט, זאַלקינד וויל באַ אים ווידער נעמענ אַ לעקציע פונ רוסיש. דער שילער האָט זיכ די ערשטע עטלעכע מינוט געפילט שלעכט, דעריבער האָט ער אומיסטנ געוואָלט צעטרײַבנ די שווערע שטימונג אונ זיכ אָנגערופנ אַפ רוסיש:

— Итак, по русски будем сейчас говорить?

זאַלקינדס וואַסערדיקע אויגנ זײַנע טיפער געוואָרנ, זיכ אָנגעגאָסנ מיט קלוגשאַפט. ער האָט פאַרשטאַנענ דעמ שילערס צושטאַנד אונ ניט געוואָלט אים מעוואיעש זײַנ.

— ניינ—האָט דער אַלטער געזאָגט—איכ האָב דיר גערופנ בלויז צוליב אַ דירע.

קעלטער האָט באַמערקט, ווי די גאַנצע צײַט קוקט דער אַלטער לערער אַפנ זייגער. ער ברענגט אַרויס פאַרטראַכט אַ פראַזע אונ קוקט אַפנ זייגער. דער ווײַזער איז שוינ געשטאַנענ נאָענט צו דרײַ. אַפנ טיש האָט זיכ געמינעט אינ אַ קעלעשעקל בראַנפנ אונ צוויי געריכטנ—הערינג אינ אַ פּאָלומעסעקל אונ רעטעכ מיט שמאַלצ אינ אַ טעלערל—האָבנ ווי געהיט פונ ביידע זײַטנ דאָס קעלעשעקל בראַנפנ.

דער אַלטער זאַלקינד קוקט אָנ אויפהער אַפנ זייגער.

קעלטער האָט זיכ דערמאָנט, אַז אינ ראַבינער־שול איז זאַלקינד פּינקטלעכ ביז מעשוגאַעס—ווי די שילער זאָגנ: טוט מענ נאָר אַ קלונג, ער איז שוינ דאָ אַפ זײַנ אָרט לעמ דער קאַטעדרע אונ לעמ בענקל אונ רעדט שוינ גלײַכ צום קלאַס. טוט מענ אַ קלונג צום אַרויסגיינ—איז גלײַכ ווערט ער ניט, אונ דאָכ האָט מענ באַ אים געקענט בעסער ווי באַ אַנדערע לערער.

פּלוצים האָט זיכ דערהערט זאַלקינדס שטים:

— ניע בודעמ, ניע בודעמ גאָוואָריט!

אַפּאָנעמ, דער אַלטער האָט אינזינענ געהאַט עפּעס אַנדערש אונ געענטפערט דעמ געקומענעמ ראַוויניסט אַפ יענער פריערגעשטעלטער פראַגע וועגנ ריידנ רוסיש.

קעלטער האָט פאַרשטאַנענ, אַז זאַלקינד האָט אינזינענ עפּעס אַנדערש אונ נאָכגעשפּירט דעמ אַלטנס וואַסערדיקע אויגנ, וואָס זײַנענ געווענ אײַנגעקלעמט אינ זייגער. ווענ דער ווײַזער האָט געוויזנ פּונקט דרײַ, האָט דעמ אַלטנס גוטמוטיק פּאָנעמ אַ לויכט געטאָנ מיט אַ באַזונדער צופרידנקײַט. ווענ ס׳האָבנ זיכ דערהערט דרײַ זייגער־קלונג, איז דאָס קעלעשעקל שוינ געלעגנ אַנ איבערגעקערטס אינ מויל, אונ ביידע מײַכאָלים האָבנ גענומענ אַלצ ווייניקער אונ ווייניקער ווערנ אינ די קיילים.

— אָ, איצטער וועל איכ מיט דיר ריידנ.—האָט זאַלקינד אָפּגעאָטעמט.

— באַ מיר איז אַלצ אויסגערעכנט לויט דער מינוט. אַ פּלאַנ איז אַ פּלאַנ.

קעלטער האָט אַ שמייכל געטאָנ.

זאַלקינד האָט אַפ גיכ אָפּגעגעסנ אונ געגעבנ דעמ שילער אַ צעטעלע צום אָדאָמ האַקויענ לעבנזאָנ מיט אַ באַקאַשע אײַנצואָרדענענ אים אינ „טאַהאַרעס־האַקוידעש“.

— דאָרטן איז וואַרעם, ס'א גווירישער בעסמעדרעש און לעבעדזאָנס זון איז דער גאבע, פארשטייסט?

קעלטער האָט גענומען דאָס צעטעלע און זיך געלאָזט אוועקגיין.

— איצטער קום אהער—האָט זאלקינדס דאר קערפערל לעבעדיק א טאנצ געטאָן—דו גייסט נאָך ניט אוועק. זאָלסט מיך ניט מעוואַעש זייַן, איך בין עלטער פון דיר מיט א פּאָר שאבאָסים און זאָלסט זיך מיט מיר בייַטן מיט די שיך, אָבער איך'ל דייַנע שיך ניט אָנטאָן, כאסוועכאָלילע. בעגעד לילבויש, שא, וואָס איז דאָס פאר א פּאָרם? געדענקסטו? לילבויש?..

דער אלטער איז אפּאָנעם, געווען פריילעך, ווייַל ער האָט באמערקט קעלטערס שעמעוודיק פּאָנעם, וואָס איז געווען רויטלעך. אפילע דער שטערן איז געווען אָנגעטאָן אין ראָזער פארב.

— מע דארף ניט, מע דארף ניט—האָט זיך געבעטן קעלטער.

— גענוג, האָסט מיט מיר ניט געגעסן מייַן סודע, טאָ נעם,—און דער ריריעוודיקער אלטיטשקער, דער באשיידענער לערער פון העברייִשער גראמאטיק האָט זייער פלינק דערלאנגט א פּאָר גאנצע שיך דעם גאסט.

קעלטערס היפּשע פיגור, וואָס האָט געקענט אין זיך באהאלטן צוויי זאלקינדס, איז שוין אן אומבאהאָלפענע געלעגן אפ א קאנאפּע, און פון זייַנע פיס האָט דער דארינקער זאלקינד געצויגן די אלטע צעטריפּלטע שיך און אָנשטאָט זיי ארופגעשלעפּט די גאנצע.

זאלקינד האָט געבלאָזן די באקן:

— די פיס דייַנע זייַנען פוכקע—און געלאכט.

קעלטער איז ארויסגעגאנגען מיט א פּאָר גאנצע שיך און מיט א באקאָשע־צעטל צו אָדאָם האקויען לעבענזאָן.

פון דעמלט אָן וווינט ער אין א ווינקל אין פּאָליש פון דעם בארימטן ווילנער קאָר־שול „טאהארעס־האקוידעש", וואָס דאָס פּאָלק רופט אָן מיט א פארצויגענעם געהויבענעם נאָמען „די בערלינער שול".

---

ווען ניט קעלטער, וואָלט ליבערמאן אפילע ניט געווען זען דעם בעסמעדרעש „טאהא־רעס האקוידעש". דער פאל מיטן אדרעס האָט ליבערמאנען געצוווּנגען באציִען זיך מיט באזונדער אכט צום הויכן קרעפּטיקן ראווינִיסט. דערוווּסט זיך, ווו ער וווינט, איז ליבער־מאנען אייַנגעפאלן קומען צו אים אומגעריכט. שאבעס אינדערפרי איז ער פּלוצים ארייַנ־געקומען צו קעלטערן אין זייַן אימפּראָוויזירטער ווינונג—אין בעסמעדרעש.

קעלטער איז געזעסן אָנגעבויגן איבער א בוך און ניט געהערט ליבערמאנס ארייַנקום.

דעם ארייַנגעקומענעם האָט איבערראשט די מענוירע, וואָס איז אומעטיק און פארלאָזט געהאנגען אין א ווינקל. ס'איז, אפּאָנעם, געווען אן אָפּגעניצטע מענוירע, וואָס דארף גיין אפ ברוך. הינטער איר איז אויך געשטאנען א פארזשאווערטע, האלבגרינלעכע האנט־פאס, ניט גרעסער ווי א געוויינלעכע קוואָרט. פון דער האנטפאס האָט געקאפּעט פון מינוט צו מינוט וואסער. דער אראָפּפאלנדיקער טראָפּן וואסער האָט שוידערלעך געפּרעסט דעם געהער און אָנגעוואָרפן אן אומעט. דערצו איז בא דער זייַט געלעגן אן איבערגעקערטער שטענדער מיט א צעבראָכענעם רוקן. דערפאר איז אָבער דאָס שטיקל אָרט, ווו ס'איז געשטאנען א בעטל און א בענקל, געווען ריין, אופגעראמט און איידעס געזאָגט, אז א לעבעדיקע, מענטשלעכע האנט, פּאָרעט זיך דאָ אָפּט. לעבן בענקל, און הינטערן בענקל—ביכער, העפטן, א פּאָר צעריסענע שיך, אן אופגעטרענטער בעגעד און א פּאָר נייַע שלייקעס.

— קעלטער, דאָס ביסטו?

דער באלעבאָס פונ ווינקל קוקט זיכ אום.

— אכ, ליבערמאנ! — אונ קעלטער האָט זיכ געלאָזט מיט צעשפּרייטע אָרעמס—קום אריַינ, שוינ עטלעכע מאָל דיכ פארבעטנ אונ ביסט קוימ אמאָל עס געקומענ, אונ דער באלעבאָס פונעמ ווינקל נעמט זיכ אופצוראמענ די אָנגעוואָרפענע קליידער, רוקט אָפּ מיטנ פוס דעמ שטענדער,—האָב קיינ פאריבל ניט, וואָס ס'איז אזוי...—אונ ניט פארענדיקט.

— נישקאָשע,—אונ ליבערמאנ האָט זיכ געמאכט, אז ער זעט ניט אונ לייגט קיינ שומ אכט ניט אפּ דער מאָדערנער אויסערלעכקייַט פונעמ ראוויניסטס וווינונג.

— איכ פיל זיכ פאר דיר שלעכט—האָט פּלוצימ געזאָגט ליבערמאנ,—ער האָט זיכ אזוי לעפּיש אונ ניט געשיקט א דריי געטאָנ, גלייכ ער וויל מיט דעמדאָזיקנ דרייענ זיכ עפּעס אָפּוואָרפנ פונ זיכ א געשעעניש, וואָס פּלאָגט אימ אונ לאָזט אימ ניט צורו.

— מיט וואָס?—פרעגט קעלטער ניט אראָפּנעמענדיק דעמ בליק פונ ליבערמאנענ.

— אָט די געשיכטע מיטנ אדרעס, איכ פארשטיי אליינ ניט.

קעלטער האָט אימ ניט געלאָזט ענדיקנ, אופגעהויבנ דעמ בוכ, וואָס ער האָט געהאלטנ אינ לייענענ, אונ געזאָגט:

ווענג אָט דעמ בוכ האָסטו געהערט?

ליבערמאנס אויגנ טוענ א לויפ איבער די זייַטלעכ פונ בוכ. ער מישט אָפּ דאָס שארבלעטל אונ לייענט אפּ א קאָל:

— Н. Чернышевский—Что делать?

— געהערט, קעלטער, געהערט, איכ זוכ עס קוימ שוינ קאמע־קאמע, ווו האָסטו עס געקראָגנ?—ליבערמאנענ האָט אזש פארכאפּט דעמ אָטעמ—ווו האָסטו עס געקראָגנ?

— ווארט, כאפּ זיכ ניט, ביסט א הייסער—טוט קעלטער אימ א נעמ בא דער אויסגעצויגענער האנט, זיצ א רעגע—קעלטער קוקט זיכ דערווייַל אומ, קיינ בענקל ניטאָ, ער טרעט אָפּ דעמ גאסט דאָס בענקל, אליינ זעצט ער זיכ אוועק אפנ איבערגעקערטנ פארשטויבטנ שטענדער.

ליבערמאנ ווארט מיט אומגעדולד.

— איכ האָב אוועקגעגעבנ פאר דעמ סייפערל א צענערל. בלויז פאר איבערלייענענ, אונ געהאנדלט א מעציִע.

ליבערמאנ האָט ווידער אויסגעשטרעקט די האנט, וואָס איז געבליבנ הענגענ אינ דערלופטנ ווי א ציפּערדיקע לייַסט.

— ווארט,—איז רויִק קעלטער. איכ האָב דיר אינזינענ געהאט.

דאָס צענערל קער איכ—דיר אומ—כאפּט זיכ ליבערמאנ אָפּצוראנקענ.

קעלטער האָט א צי געטאָנ מיט די אקסל אונ בערויגעז אויסגעשריִענ.

— א שויטע, ביסט א שויטע, ניט אינ דעמ גייט עס.

אינ דער צייַט האָט זיכ דערהערט א ראש. מע האָט גערעדט, הויכ גערעדט, אָנ אופהער, פונ יענער זייַט פּאָליש אינ שול.

ביידע ראווינישטנ הערנ זיכ איַינ.

— וואָס איז דאָרטנ?

קעלטער האָט א וואָרפ געטאָנ דעמ בוכ אפנ בעטל אונ געלאָפנ זענ וואָס איז עס פאר א ראש. ליבערמאנ האָט דערווייַל גענומענ דעמ בוכ אונ געבלעטערט.

אינ א מינוט ארום איז צוריקגעקומענ קעלטער:

— דו ווייסט ווער ס'איז דאָ אינ שול?

— ?

— אורי אורָאם קאָיונער.

— אכ, קאָוונער, דערפאר ליארעמט מענ אזוי?

ס'האָבנ זיכ ווידער דערהערט קוילעס, ס'איז שווער געווענ פאנאנדערצוקלייבנ וואָס מע וויל. אונטער די ברייטע ארקאדעס פונ דער גווירישער בערלינער שול איז אומגעשוומענ א ראש אונ פארפאלנ געוואָרנ אינ די טויבע, דיקע ווענט ערגעצ אינ דער הויכ, אינ דעמ געשניטעכטס פונעמ אָרנקוידעש, אינ דעמ גרויסנ זיידענעמ פאָרויכעס, וואָס האָט איינגעדעקט מיט זיינע שטרענגע פאלדנ דאָס געשניצעכטס.

ליבערמאנ איז ארײנגעלאָפנ אינעווייניק אינ שול אונ דערהערט א דיק קאָל געווענדעט צו א קליינוווקסיקנ יונגערמאנ, ארומ וועלכנ עטלעכע יונגעלייט האָבנ זיכ געטוליעט.

דער מענטש מיטנ דיקנ קאָל איז געווענ אָדאָמ־ האקויענס זונ, דער גאבע פונ דער שול, דער אייגנטימער פונ דעמ גרעסטנ אונ שענסטנ האָטעל אינ ווילנע—„דער אייראָפּייִשער האָטעל". דער קליינוווקסיקער יונגערמאנ איז געווענ אורי־אורָאמ קאָוונער. וואָס ס'האָט געוואָלט דער גאבע, האָט ליבערמאנ ניט געקענט פאנאנדערקלייבנ. פונ די איינציקע רעפּליקעס, וואָס די יונגעלייט, וועלכע האָבנ זיכ געקלעפּט ארומ קאָוונערנ, איז געווענ צו פארשטיינ, אז

— אייסעכ, א דייגע, וועט מענ ארײנכאפּנ מיט א שטיקל וויניקער מוסעפ.

דאָס דיקע קאָל פונעמ גאבע האָט זיכ אלעמאָל געוואָרפנ אינ שלאכט אונ איבערגעשלאָגנ:

— איר האָט שוינ דעמ שאכרעס פארטאכלעוועט!

— שאָלטעקעס.

די יונגעלייט, צווישנ וועלכע עס זיינענ געווענ א צוויי גימנאזיסטנ, האָבנ, וויצלענדיק זיכ, אָנ אופהער געמאכט מיט די הענט, אזוי ווי פארשטעלט קאָוונערנ פונעמ שרײענדיקנ קאָל:

— לאָזט געמאכ.

עמעצער טוט צווישנ טומל א זאָג:

— בערל מיכאלישקערס זונ, דער גאבע, מאכט אומיסטנ א קרומ פּאָנעמ פאר די באלעבאטימ פונ דער שול. ער האָט מוירע מ'עט בא אימ סימכאס־טוירע ניט טאנצנ.

דער גאבע אינ צילינדער האָט דאָס אפּאָנעמ, דערהערט אונ שטילער געוואָרנ.

אינ שול האָבנ געגלאנצט צילינדערס אונ קאָקארדעס.

ליבערמאנ האָט באמערקט ניט קיינ פענעמער, נאָר בלויז קאָקארדעס אונ גימנאזיסטישע גארניטערס מיט זילבערנע גאלונעס אונ זילבערנע קנעפּ. ער האָט זיכ צוגעשטופּט צו קאָוונערנ. אפּנ פּאָנ פונ די בלויע גימנאזיסטישע גארניטערס באפּוצט מיט ווייסע קאנטנ האָט ליבערמאנס ראווינסטיש ברייטע אונ שווארצע היטל מיטנ בלישטשענדיקנ שווארצנ דאשעק אויסגעזעענ אזוי טרויעריק, אז קאָוונערס קליינע אויגנ האָבנ זיכ אָפּגעשטעלט אפּ דעמ.

ליבערמאנ האָט זיכ צו אימ א לאָז געטאָנ:

— איר זייט אורי־אורָאמ קאָוונער?

— יאָ.

— דרייסטע ארטיקלען, דרייסטע.

א יונגערמאן, וואָס האָט געקאָנט ליבערמאנען, האָט זיך געווענדט צום קרייז מענטשן ארום קאָוונערן.

— דאָס איז ליבערמאן פון ראבינער שול, א גוטער העברייער. ער האָט אייך דער־מאָנט, הער קאָוונער, אייערע שריפטן האָט ער דערמאָנט אין א רעפעראט. איך ווייס וועגן דעם.

ליבערמאן האָט ניט אראָפּגעלאָזט קיין אויג פון קאָוונערן.

— יאָ, איך האָב אייך דערמאָנט.

קאָוונערן האָט קענטיק האנאָע געטאָן. ער האָט זיך פארנויגט פארן קרייז מענטשן ארום אים.

דעם גאבעס דיק קאָל האָט זיך ווידער דערהערט. שוין בייזער ווי פריִער:

— לאָזט גאָט דינען.

— וואָס איז עס פאר א שקאָצעריי!

ליבערמאן האָט אלץ זיך ניט געקענט אָפּרייסן פון דעם קליינוווּקסיקן פארשוין, וואָס האָט אָנגעמאכט אזא גערודער מיט זיין קומען אין דער בערלינער שול. ס'איז אונטערגע־קומען קעלטער און א צי געטאָן ליבערמאנען בא דעם ארבל ער זאָל מיט אים גיין.

ליבערמאן האָט זיך דערמאָנט אָן בוך, וואָס זיין כאַווער האָט פריִער געהאלטן און איז באַכגעגאנגען.

פארביי־גייענדיק די גרויסע שווערע טיר פון דער בערלינער שול, האָט קעלטער באמערקט:

— וואָס איז דער מער מיט דעם קאָוונערן?

ליבערמאן האָט זיך אָנגעשטרענגט:

— וואָס ווילסטו זאָגן?

— נו, דער קאָוונער דיינער איז דאָך א קליין מענטשעלע, אָט טשערנישעווסקי, איז אן אנדער וועלט, ס'איז ניט אזוי קליין, ווי דאָס, וועגן וועלכן סע רעדט קאָוונער.

ליבערמאנען האָט פארדראָסן זיין כאַווערס כקירע. פון יענער זייט שווערער שול־טיר, ווען כ'איז טויבער געוואָרן דער הר־הא און דער ראש, האָט ער ניט פארגעסן אָפּצר־ענטפערן דעם כאַווער:

— קאָוונער איז א פארשוין ניט פון קיין קליין וועלטעלע. האָסט ניט געלייענט זיינע מיימאָרים.

— געלייענט, געלייענט, ער שלאָגט זיך מיט די יידישע שריפטשטעלער. סע גייט מיך ניט אָן.

ליבערמאנען האָט פּאַשעט אופגעריסן דעם כאַווערס לעצטע מעלדונג:

— ביסט פרעמד צו יידן, באלד אזוי. פארשטייסט ניט.

ווען זיי זיינען צוריק אריינגעגאנגען אין וווינונג, אין פּאָליש־ווינקל, האָט קעלטער זייער רויִק פארגעזעצט זיין געדאנק:

— איך בין ניט פרעמד, ווי דו מיינסט, אָבער פאראן א וועלט, מויכעס זיינען פאראן, וואָס טראכטן ניט בלויז פון יידן מיט זייערע ענגע בעסמעדרעש־פראגעס — אָט לייען דעם בוך, ער ווייזט אים אפ „Что делать“. שא, ביסט דאָך פיסארעוו אן אָנהענגער, געלייענט זיינע בריוו צו די רוסישע שריפטשטעלער?

— וואָס קער זיך אָן, מע דארף איבערטראַגן גרויסע אידייען צו אונדז אפ דער גאס, מע דארף אופרייסן אָט די אלטע קולטור.

קעלטער שלאָגט איבער:

— יאָ, פאר אופרײַסנ אָט די אלטע קולטור בינ איכ אויכ.

— שלאָג ניט איבער, קעלטער, אָבער האָסט געזענ, ווי קאָוונער מיט זײַנ קומענ אינ „טאהארעס האקוידעש" האָט אָנגעמאכט א רעוואָליוציע...

קעלטער האָט זיכ צעלאכט בא דעמ, זיכ מאמעש געטרייסלט, זײַנ געזונטער קערפער האָט זיכ מיטאמאָל א זעצ געטאָנ אפנ בעטל, אז זי האָט שיר ניט געפלאצט אונטער אימ. איבערנ פוסטנ אָרט פונ ווײַטנ פאָלעש האָט א הילכ געטאָנ. ליבערמאנ איז אינ קאעס געוואָרנ. אינ די טיפע אָנגעשטרענגטע אויגנ האָט זיכ אופגעפלאמט יענצ פײַערל, וואָס איז שטענדיק געווענ נאטירלעכ פאר דעמדאָזיקנ יונגנ מאנ, ער האָט זיכ שנעל געלאָזט אוועקגײנ.

קעלטער האָט ניט געווארט אפ אזא סאָפ. ער האָט זיכ מיטאמאָל אופגעהויבנ פונעמ בעטל אונ נאָכגעשריענ:

— ליבערמאנ איכ גיב דיר ניט טשערנישעווסקיס בוכ.

ליבערמאנ האָט אויסגעדרייט דעמ קאָפּ:

— איכ'ל עס קריגנ אָנ דיר אינ „ליטעראטורנע-זאוואָלאָק".

— ווייסט אימ דאָרטנ ניט קריגנ פאר קײנ שומ מאטבייע—האָט שוינ ווײכער נאָכגעשריִענ קעלטער.

ליבערמאנ איז שוינ געווענ אינדרויסנ.

צו קעלטערס אויערנ איז ווידער דערגאנגענ דער רויש פונעמ שאבעסדיקנ פארברענגענ אינ דער „בערלינער שול".

(פאָרזעצונג קומט).

ליפּע העלער

# אפ אונדזער ערד

נאָכ שווערער מי, נאָכ זונענ־שײַנ, נאָכ רעגנס
איז מיט ברויטנ אונדזער פעלד פארפלייצט...
שפּארט זיכ די זעט פונ שפּײַכלער מיר אנטקעגנ,
פולע, קלאָרע אויגנ—קערנער־ווייצ.

אונדזער ערד איז ווי א קוואל אָנ גרונטנ,
אונדזער ערד איז ווי די קלאָרע זונ.
שעפּ אונ שעפּ אונ ס׳ווײַזט זיכ ניט דער אונטנ,
שעפּ אונ שעפּ אונ ס׳זעט זיכ ניט דער גרונט.

די ערד איז שטארק. סקלאפּט שטארקער אלצ איר אָדער-
די ערד איז זאט מיט לעבנ אונ מיט ברויט.
אומזיסט, אומזיסט, האָט מאלטוס זי געמאָגערט
אונ געשלעפּט צו איר מיט גוואלד דעמ טויט.

מיר קלינגט א קראפט א שטענדיקע אינ אויער —
דאָס באוועגנ זיכ די מוסקלענ פונ מײַנ לאנד, —
מיר האָבנ גוטע ערד געמאכט פונ רויערד,
פונ בלאָטעס אונ פונ פּראָסטנ זאמד.

ס׳איז הארבסטיק־קאלט. נאָר ווי אינ גרעסטע היצנ
איז מענ אינ פעלד. עס קלינגט דער גלאָק.
דאָס קלאָגנ ניט קיינ קלויסטערדיקע שפּיצנ —
די שיינקײַט זינגט פונ אונדזער טאָג.

די זונ פארגייט—א פלאקערדיקער פײַער
אונ טריקנט אויס דעמ שוייס פונ אונטער העמד.
אפ אונדזער קרעפּטיקער אונ פרישער נײַערד
זינגט די ארבעט אינ די הענט.

מיר זײַנען שטאַרק. װער קען פאַר אונדז זײַן שטאַרקער?
א קלאַס װאָס בויט א נײַע װעלט —
האָבן מיר די אַלטע װעלט פאַרׅאַקערט,
מיר האָבן טעג מיט טעג פאַרשטעלט.

איך זע, אױף אונדזער ערד דער גאַנצער:
מענטשן, קראַפט, און זון און שײַן.
װי שײן זײַנען די טעג פאַרפלאַנצטע,
די טעג װאָס פלאַנצן זיך ערשט אײַן!...

---

# די הױך פון אונדזער טאָג דערגרײכן

שטײסט פאַר מיר און קוקסט אַראָפּ
מיט דײַנע ערנסטע און קלאָרע אױגן...
מיר ציט צו דיר, װי דער הודאָק
האָט זיך הײַנט צו דיר געצױגן.

ער האָט דעם הימל װי א בלעך
מיט זײַן האַרטער שטים געבױגן...
ביסט א שלאָגלערן אין צעך
קוקן ליכטיק דײַנע אױגן.

שטײסט פאַר מיר איצט אַזא מידע
מיט דײַן העל־געקרױזטן קאָפּ...
הערצער צװײ זיך רופן איבער
שטײסט פאַר מיר און קוקסט אַראָפּ...

בױגסט זיך אָן, נעם איך דערהערן,
װי עס שטראָמט אין דיר דאָס בלוט —
נאָך אַן אַרבעט־טאָג א שװערן
האָסט נאָך װײניק הײַנט גערוט.

זאָגסט—די אַרבעט איז א גרינגע,
און ס'טוען דיר ניט װײ די הענט, —
ריר איך אָן די מידע פינגער —
בלײַבסט פאַרױטלט און פאַרשעמט.

דײַנע אױגן—שײן און בלױ,
װי אונדזער הימל אין די הױכן.
מיר גײען איצט כאַװײרים צװײ
די הױך פון אונדזער טאָג דערגרײכן!...

מ. טײַטש

# באַם צאָנ־דאָקטער שנײערסאָנ

(פונ בוכ „פארטײענ אונ מענטשנ“)

1

די פרינציפּנ פונ דער אונטערערדישער ארבעט זײַנענ בא מאָזעסנ געװענ אױסגעארבעט פעסט. אײנער פונ די פרינציפּנ: האלטנ די אײגענע דירע אױסער יעדנ כשאד. צוליב קאָנספּיראטיװע צװעקנ האָט מאָזעס געהאט אנדערע דירעס אינ שטאָט. „רעשוס־האָראבימס“ אזעלכע, װו עס קומענ ארײַנ פארשײדענע מענטשנ. אזא איז געװענ די דירע פונ צאָנ־דאָקטער שנײערסאָנ.

דער צאָנ־דאָקטער שנײערסאָנ איז אינ סטאַראָדאָראָגי געװענ אײנער פונ די צװײ צאָנ־דאָקטערישע „בערנ“. אינ שטאָט האָבנ נאָכ אלע געדענקט שנײערסאָנענ, װענ ער איז געװענ פונקט אזא אָרעמער עקסטערנ, װי טויזנטער אנדערע ייִדישע יונגע־לײַט פונ די פאר־רעװאָליוציאָנערע שטעט אונ שטעטלעכ. אלע האָבנ נאָכ געדענקט די געשיכטע, װי ער האָט כאסענע געהאט מיט דער אלמאָנע פונ א היגנ פאבריקאנט. די כאסענע מיט דער רײַכער אלמאָנע איז פאר שנײערסאָנענ געװענ א שװערע פּראָבלעם. ביז דער לעצטער מינוט האָט שנײערסאָנ געשפּילט א ליבע מיט א מײדל פונ זײַנ גראד. די לאגע איז געװענ זײער א דעליקאטע. סקאנדאלנ זײַנענ שנײערסאָנענ געװענ דערװידער. אפילע שטילע, מײדלשע טרערנ װאָלט אימ שװער געװענ צו פארטראָגנ—שנײערסאָנ האָט זיכ געהאלטנ פאר א פולשטענדיק אינטעליגענטנ מענטשנ. דערצו האָט ער ניט איבעריק פארטרויט זײַנע אײגענע נערװנ. די לאגע האָט געפאָדערט אױסגעהאלטנקײַט אונ כאראקטער. ער האָט אָנגענומענ א העראָישנ באשלוס: דורכרײדנ זיכ מיט דער מײדל, װי מיט א נאָענטנ אונ עמעסנ גוטנ פרײַנט.

— אָט זעט זי דאָכ—האָט ער װי געבעטנ זיכ בא איר—ער איז אנ אָרעמאנ, זי אויכ. װי װעלנ זײ בײדע אױסזענ נאָכ דער כאסענע. אויב ער װעט ניט קאָנענ עפענענ קײנ קאבינעט? עס װעלנ אװעקגײנ קינדער. דאָס לעבנ װעט װערנ נאָכ שװערער. דאָס לעבנ פארציט. זומפּ. שמוצ. אָרעמקײַט. זי אלײנ אזא שײנע, אזא יונגע, אזא געראָטענע, װי װעט זי אױסהאלטנ אָרעמקײַט? ער האָט ניט קײנ רעכט צו מאכנ טײַ זיכ, סײַ זי פאר גרײטע קאפּצאָנים.

װײַטער האָט ער פאר איר פאנאנדערגעװיקלט גלענצנדיקע פּערספּעקטיװנ: ער װעט כאסענע האָבנ מיט דער רײַכער אלמאָנע. זי פארשטײט אלײנ, אז אינ דער אלמאָנע איז

ער ניט פארליבט. זײַן ליבע געהערט נאָר איר, זײַן מיידל, וועלכע ער וועט בלײַבן טרײַ, זינט ער וועט לעבן. ער וועט עפענען א קאבינעט, דאָס וועט אוועקשטעלן אפ די פיס זיי ביידן. זי האָט זיך די גאנצע צײַט געריסן צו וואוועלבערגן אפ די אקושערסקע קורסן קיין ווארשע, עמעס, איצט קען זי פאָרן. ער וועט זי שטיצן, וויפל זי וועט דארפן...

דאָס מיידל האָט אפ אים א קוק געטאָן אפילע מאָדנע, אָבער געזאָגט האָט זי רויִק:

— איך האָב גאָר ניט געוווּסט, אז דו ביזט אזא בעריע צו געפינען אן אויסוועג פון א שווערער לאגע. דו קענסט זיך ניט פאָרשטעלן, ווי מיר טוט באנג, וואָס איך האָב אזוי לאנג ניט אָפגעשאצט דידאָזיקע פייִקײַטן דײַנע.

ער האָט נאַיִוו געפרעגט:

— ביזטו מאסקים, הייסט עס?

— יאָ, איך בין מאסקים.

א בארג איז אראָפּ פון זײַנע פלייצעס. אויס דאנקבארקײַט פאר דער אומגעריכט־גרינג-באקומענער האסקאָמע, האָט שנייערסאָן געעפנט פאר דער מיידל דאָס הארץ ביזן גרונט:

— איך אָרדן זיך אײַן. איך ווער א מענטש. קען איך דעמאָלט א טראכט טאָן וועגן אנדערע מענטשן אויך. מיך האָט שטענדיק געצויגן צו געזעלשאפטלעכער ארבעט. דו ווייסט עס. אָבער אז מע איז אליין אָרעם, קען מען ניט העלפן ניט זיך, ניט יענעם.

מיט דערזעלבער רויִקײַט האָט דאָס מיידל געזאָגט:

— דו ווייסט ווײַט אוועקגיין.

שנייערסאָן איז ניט זיכער געווען אין דער אופריכטיקײַט פון קאָמפּלימענט, ער האָט איבערגעפרעגט:

— דו מיינסט עס ערנסט?

— ביז גאָר.

זי האָט זיך א וויש געטאָן מיט א טיכעלע די אויגן. זי האָט געוואָלט זאָגן נאָך עפעס, אָבער, ווײַזט אויס, כאראָטע געהאט. זי האָט א מאך געטאָן מיט דער האנט. נאָכאמאָל א וויש געטאָן די אויגן און ארויס פון צימער.

שנייערסאָן האָט זי פארשטאנען: איר איז ניט גרינג. געוויס. אים איז דען גרינג?

דערנאָך האָט ער געעפנט א קאבינעט. דעם רײַכסטן קאבינעט אין סטארעדאָראָגי. אויסערן געלט, האָט די אלמאָנע פארמאָגט די ברייטסטע באקאנטשאפט אין שטאָט. ער האָט באקומען די רײַכסטע קליִענטור. די געשעפטן זײַנע זײַנען אוועק גוט. זײַן געשיכטע מיט דער מיידל האָט זיך אויסגעלאָזט בעסער ווי גוט. קיין ווארשע איז זי טאקע אוועקגעפאָרן, אָבער נאָך הילפּ צו שנייערסאָנען האָט זי זיך ניט געווענדעט. ער, שנייערסאָן, האָט גע־האנדלט ווי א פײַנער מאן. ער האָט זיך געגעבן די מי צו דערגיין דעם אדרעס און האָט זי אָנגעפרעגט: עפשער נויטיקט זי זיך. קיין ענטפער האָט ער ניט באקומען. אזוי טאקע האָט ער זיך פאָרגעשטעלט. זי איז א שטאָלצע, און קיין הילפּ בא אים וועט זי איצטער ניט נעמען.

אין נאָך א זאך האָט שנייערסאָן גוט געטאָן: ער איז ניט געקראָכן צו די ציִעניסטן, נאָר גלײַך האָט ער זיך א קערעווע געטאָן צום בונד: די ציִעניסטן האָבן שוין געהאט זייערן א צאָנדאָקטער, א באוווּסטן ציוניני אין שטאָט. שנייערסאָנס קאָנקורענטן האָבן און־טערגעמורמלט... פארשטייט זיך, פּאָשעטע רעכילעס! שנייערסאָן איז געווען קעגן ציִעניזם

טעאָרעטיש. ער האָט ניט געגלויבט, אז די ייִדנ וועלנ מאכנ דעמ ערעציסראָעלדיקנ מידבער פאר א באוווינטנ לאנד. דער צאָנ־דאָקטער שנייערסאָנ האָט פּאָשעט געהאט א געזונטנ כוש, אונ יענעמ, דעמ ציִעניסטישנ קאָנקורענט זײַנעמ, האָט ער ניט געטראכט אפילע מעקאנע צו זײַנ. יענער האָט די גאנצע ציִעניסטישע קליִענטור? זאָל ער זיכ מיט איר האלטנ! ער שנייערסאָנ, וועט שוינ אויסקומענ אָנ די ציִעניסטנ. מער ניט איינ זאכ וואָלט ער בא יענעמ א באלנ געוועזנ צו פרעגנ: צי מיינט ער ערנסט פּאָרנ היילנ די ציינער די אראבער אינ פאלעסטינע—כא־כא! בא א געלעגנהײַט וועט ער אימ פרעגנ...

אינ די אָוונטנ פלעגט צו מאדאמ שנייערסאָנ אינ „סאלאָנ" זיכ קלײַבנ די ייִדישע אויס־דערוויילטע געזעלשאפט. שנייערסאָנס הויז האָט געשעמט פאר א הויז פונ א ייִדישנ דע־מאָקראטישנ אינטעליגענט. אימ האָט עס שטארק אימפּאָנירט שטעלט אײַכ פּאָר: צו אימ, אינ הויז פלעגט ארײַנקומענ אויכ ראבינאָוויטשעס מאָכטער דעמ טאבאק־פאבריקאנטס, ראבינאָוויטשעס טאָכטער, העלענע. דאָס איז געווענ דער מאדאמ שנייערסאָנס באקאנטשאפט.

אונ דעמ לעצטנ מאָל האָט זיכ דאָרט געגאָסע מאָזעס באקאנט מיט איינעמ א סטודענט גענדלער. אָט דעמ גענדלער האָט מענ אויסגעשלאָסנ פונ פּעטערבורגער אוניוועסיטעט, אפ א יאָר צײַט, פאר באטייליקנ זיכ אינ אומרועג. דאָ האָט ער פארנומענ זיכ מיט אוראָקנ. געהאט אנ אוראָק בא ראבינאָוויטשנ—מיט העלענענ טאקע. אינ די קרײַזנ האָט מענ געוווסט: העלענע וויל דאפקע א „געענדיקטנ". ראבינאָוויטשעס א טאָכטער מעג האָבנ אזא פארלאנג. אָבער קײַנ „געענדיקטער" מאכט זיכ ניט. מעג זי זיכ פארגינענ אנ אנדער זאכ: אנ אָרעמענ סטודענט, וואָס וועט האלטנ פאר א גליק מיט איר כאסענע האָבנ. דאָ באקומט ער גלײַכ די מעגלעכקײַט צו ענדיקנ... גענדלער איז געווענ דערופ א קאנדידאט... וועגנ דעמ האָט מענ גערעדט אינ אלע ווינקלעכ. מאָזעסנ האָבנ די שמועסנ ניט אינטריגירט. יעדער נײַער באקאנטער האָט אימ אינטערעסירט פונ איינ אונ איינציקנ שטאנדפונקט: צי מע וועט אזא קענענ אויסנוצנ פארנ בונד?

...הײַנט וועט מענ בא שנייערסאָנענ צונויפקומענ זיכ, אונ מאָזעס וועט איבערלייענענ א גאנצנ פּאָרטראג. ער האָט א פּאסיקע טעמע. פּונקט איצטער, ווענ די „איסקרע" גייט אזוי האסטיק אפנ בונד, איז אומגעהויער וויכטיק צו פארברייטערנ די באזע פונ „בונד" אפנ כעזשבנ פונ דער אינטעליגענצ.

מיט די ארבעטער האָט שוינ מאָזעס געהאלטנ גוט. נאָכדעמ, ווי ער האָט דורכגעפירט דעמ באשלוס וועגנ דער דעמאָנסטראציע, האָט ער מיט זיי דערווײַלע מער ניט וואָס צו טאָנ. דאָס ווערט געטאָנ אָנ אימ.

ווי אזוי עס וועט דורכגיינ די ערשטמײַיִקע דעמאָנסטראציע, האָט מאָזעס ניט געקענט וויסנ, אונ ווער ווייסט, ווו ער וועט דערנאָכ אליינ זײַנ. אָט דערפאר טאָר ער ניט אָפּלייגנ, וואָס ער קענ דערווײַל אופטאָנ.

אפ מאָרגנ נאָכ דער זיצונג פונ „צענטער" האָט שוינ מאָזעס פאר זיכ אוועקגעשטעלט די פראגע וועגנ דער אינטעליגענצ.

ער איז ספּעציִעל געגאנגענ צו שנייערסאָנענ אונ צונויפגערעדט זיכ וועגנ א קליינעמ צונויפקומ בא אימ. ער האָט געוואָלט, דער צונויפקומ זאָל פּאָרקומענ וואָס גיכער. אונ ער איז געווענ אנטוישט, ווענ שנייערסאָנ האָט פּאָרגעלייגט איבערוווארטנ א פּאָר טעג, ווײַל עס זײַנענ גראדע געגאנגענ פרײַטיק אונ שאבעס־טעג, ווענ די פאמיליע שנייערסאָנ האָט געהאט א טראדיציע צו רוענ. מאָזעס האָט געמוזט מאסקימ זײַנ צו ווארטנ ביז דינ־

סטיק, קומענדיקע וואָכ. אגעוו, איז דינסטיק א גרינגער טאָג, פונ וועלכנ עס האָט געהאלט מאדאם שנײערסאָנ. זי האָט געהאט אירע שוואכקײַטנ, די מאדאם שנײערסאָנ. דאָס האָט מאָזעסנ מיט א גוטמוטיקנ שמײכל דערקלערט שנײערסאָנ—כאסענע געהאט מיט אימ האָט זי אויכ דינסטיק... מײלע, דינסטיק איז דינסטיק. דינסטיק איז לויטנ נײַעמ סטיל ערשט דער 26־טער מארט. ביזנ 1־טנ מײַ איז נאָכ גענוג צײַט.

2

אינ גרויסנ, פירקאנטיקנ עסצימער איז געווענ ליכטיק. דער טיש אונטערנ ריזיקנ בלישטשענדיקנ הענג־לאָמפּ איז געווענ געדעקט בלענדנדיק־ווײַס. אפ אײנ זײַט טיש, נעענטער צומ ארײַנגאנג, האָט זיכ בלאנקעמדיק געהויבנ, פּונװנטנ—גאָר דינ, אונ וואָס העכער אלץ גרעסער, שנײערסאָנס באוווסטער זילבערנער סאמאָוואר אפ דרײַסיק גלעזער. בא טײ אונ צובײַסנס איז געזעסנ ניט קײנ גרויסע, אָבער אינטימע געזעלשאפט. אויבנאָנ—מיטנ שפּיציקנ בלאָנדנ בערדל אפנ דארנ אונ ווי אויסגעפּײַניקטנ פּאָנעמ—שנײערסאָנ אלײנ, אונ נעבנ אימ, אינ א שווארצער, שטארק דעקאָלטירטער סאמעטענער קלײד, אנ אײַנגעשנורעוועטע אינ א קאָרסעט, מיט א פּראכטיקער פריזור אפנ קאָפּ, די מאדאם שנײערסאָנ. די מאָס אונ די וואָג פונ אָט דער דיקער מאדאם איז געווענ די טראגעדיע פונ איר לעבנ. אלע יאָר פלעגט זי פאָרנ פארלירנ וואָג קײנ מאריענבאד. אָבער דורכנ ווינטער פלעגט זי ווידער צונעמענ אסאכ מערער, ווי זי האָט פארלאָרנ.

ווײַטער זײַנענ געזעסנ דעמ אפּטײקערס ווײַב, א געלערנטע דאמע אינ ברילנ, געענדיקט אקושערסקע קורסנ מיט עטלעכע אונ צוואנציק יאָר צוריק, דער יונגער לערער פונ דער ייִדיש־רוסישער אָנפאנג־שול, געקומענ נית לאנג פונ ווילנער ייִדישנ לערער־אינסטיטוט, קאָווארסקי; דער לעדער-קאָמיסיאָנער אדעלסקי—דער רײַכסטער אונ אופגעקלערסטער קאָמיסיאָנער אינ שטאָט, געלערנט אמאָל אינ וואָלאָזשינער יעשיווע, אונ איצטער געלײענט אלע טאָג א צײַטונג. אונ ווו איז העלענע ראבינאָוויטש מיט גענדלערנ? זײ זײַנענ געזעסנ נעבנ די „הערשאפטנ“, אונ זײער קלײנ האָט העלענע אויסגעזוכנ קעגנ דער מאדאם שנײערסאָנ.

ווענ דער פארשפּעטיקטער מאָזעס האָט געמאכט די ערשטע דרײַ טריט אינ דער ריכטונג צומ טיש, האָט מאדאם שנײערסאָנ מאיעסטעטיש זיכ אופגעהויבנ אימ אנטקעגנ, אונ בלענדנדיק מיט דער בריליאנטענער בראָש אפנ העל־ראָזנ פעלד פונ איר ריזיקנ דעקאָלטע, מיט א ווערטפולער באוועגונג א צי געטאָנ די שלעפּע פונ איר קלײד, אונ פרײַנטלעכ מאָזעסנ פאָרגעוואָרפנ:

— איר לאָזט אפ זיכ לאנג ווארטנ, הער מאָזעס, מיר האָבנ שוינ געמײנט, איר וועט אונדז הײַנט „אָנזעצנ“.

גענאָסע מאָזעס האָט פארשפּעטיקט ניט אָנ א מײנ. גענאָסע מאָזעס, אלס פארטרעטער פונ דער פארטײ, וועלכע איז „דער אײנציקער פאָרשטײער פונ גאנצנ ייִדישנ פּראָלעטאריאט“, האָט געפילט אפ זיכ די גרויסע פאראנטוואָרטלעכקײַט צו האלטנ די דיסטאנץ. ער האָט געזאָגט מיט א העפלעכנ שמײכל:

— פארנומענ... אלץ פארנומענ... גוטנ אָוונט, פרײַנט, גוטנ אָוונט!—ער האָט מיט ווערדע, אָבער ווארעמ פארנויגט זיכ פאר דער גאנצער געזעלשאפט.

מאדאמ שנייערסאָנ האָט פאר אימ געמאכט אנ אָרט צווישנ זיכ אונ ראבינאָוויטשעס טאָכטער, אונ, הייסנדיק דערלאנגענ אימ א גלאָז טיי, האָט זי אליינ צוגערוקט צו אימ דאָס צובײַסנ.

— הער מאָזעס וועט אונדז הײַנט דערציילנ וועגנ זײַנ פיעסע, וואָס ער שרײַבט. ער האָט מיר שוינ לאנג צוגעזאָגט.

ווי א געניטע „סאלאָנ״־דאמע, האָט מאדאמ שנייערסאָנ געוואָלט גלײַכ אָנקניפּנ דעמ אלגעמיינעמ שמועס, אז אירע געסט זאָלנ דערפילנ, וואָס הייסט א קלוגע, אויסדערוויילטע געזעלשאפט.

— מיר בעטנ! מיר בעטנ!

— א דראמע? א טראגעדיע?

— ניינ, פרײַנט, דער פלאנ איז בא אונדז הײַנט אנ אנדערער. אפ קיינ זײַטיקע זאכנ וועט קיינ צײַט ניט בלײַבנ. די פראגע שטייט בא אונדז הײַנט א געזעלשאפטלעכע.

ער האָט געדארפט זאָגנ: א פּ אָ ל י ט י ש ע. דאָס איז געווענ זײַנער אנ אויסגעארבע־טער טאקטישער גאנג: מיט קיינ צו שטארקע ווערטער אומזיסט זיי ניט שרעקנ. אונ ער האָט געהאט א גאנצנ גאנג ווערטער אזעלכע, וואָס ער פלעגט נוצנ צווישנ די דעמאָקראטנ: כלוקעדייעס אָנשטאָט קלאסנקאמפ, קאָנטראקט אָנשטאָט קאָנסטיטוציע, שארפער אָנשטאָט רעוואָליוציאָנערער, אָנשטאָט—רעוואָליוציע־קאָנפליקט, אונטערדריקטער אָנשטאָט ארבעטער. עס מאכט ניט אויס: זיי האָבנ אימ גוט פארשטאנענ. איז אָט: הײַנט האָט ער געהאט זיי באקאנט צו מאכנ מיט א וויכטיקנ נײַעמ בונדישנ דאָקומענט.

— מע קענ צוטרעטנ?—האָט ער געפרעגט.

— גיב א קוק—האָט געזאָגט מאדאמ שנייערסאָנ צו דער דינסט—די טיר איז פארשלאָסנ?

מאָזעס האָט געמאכט א פײַערלעכ־אָפיציעלנ פּאָנעמ אונ האָט אָנגעהויבנ:

— אינ איינער פונ זײַנע דערציילונגענ ברענגט טעטמײַער א בילד פונ איינעמ א וועבער, וואָס האלט אויס מיט זײַנ ארבעט א גאנצע פאמיליע. פּלוצלונג הויבט ער אָנ פילנ, אז ער פארלירט די ריִע—ער ווערט בלינד. איר שטעלט אײַכ פאָר די טראגעדיע?

מאָזעס האָט אויסגעהאלטנ א קורצע פּויזע. מיט גרויס האנאָע אָפּגעשאצט דעמ אײַנ־דרוק, וואָס דערדאָזיקער געלונגענער אָנהויב האָט געמאכט, אונ באשלאָסנ, אז ער מעג צוטרעטנ גלײַכ צומ איקער:

— צי איז ניט די גאנצע ייִדישע דעמאָקראטישע אינטעליגענצ געגליכנ צו דעמדאָזיקנ וועבער?—האָט ער אומגעריכט זיכ געווענדעט צו זײַנע צוהערער:—די ייִדישע אינטעליגענצ דארפ אליינ לעבנ, זי דארפ געבנ לעבנ אונ דערציִענ אירע קינדער, נאָר זי פילט, אז זי ווערט דערשטיקט: זי האָט ניט מיט וואָס צו עטעמענ. די רעכטלאָזיקײַט—דאָס איז די טראגעדיע פונ דער ייִדישער אינטעליגענצ. פונ דעמ שטאנדפּונקט—פונ שטאנדפּונקט פונ לינדערנ דעמ גרויסנ נאציאָנאלנ וויי—האָט אנ אומגעהויערע באדײַטונג דער שארפער מאָמענט, וואָס מיר לעבנ איצט איבער אינ אונדזער לאנד. די כלוקעדייעס מיטנ געלנ פּאָרעצ (אפילע דעמ קייסער ניקאָלײַ האָט ער ניט געוואָלט אָנרופנ דירעקט), ווייסט איר אליינ, ווערנ אלצ שטארקער. דער קאָנפליקט איז אומפארמײַדלעכ. דער פּאָרעצ וועט מוזנ אונטערשרײַבנ דעמ געהעריקנ קאָנטראקט. אויב אונדזער אָרגאניזאציע וועט צו יענער צײַט זײַנ די ערשטע אפנ פלאצ, וועט די אינטעליגענצ זײַנ די ערשטע, וואָס וועט געניסנ די „פּראוועס״ פונ קאָנטראקט. אינ אזא פאראנטוואָרטלעכנ מאָמענט האָט די צײַטונג „איסקרא״,

וואָס גייט אַרוס אין אויסלאַנד, פאָרגענומען אַ קאַמפּאַניע קעגן אַלע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס. און קעגן אונדזערער איבערבהויפּט. דער מאָמענט איז אַ געפערלעכער פאַרן גאַנצן ייִדישן פאָלק. אויב דער קאָנטראַקט, וואָס וועט מיט דער צײַט אונטערגעשריבן ווערן, וועט ניט זײַן אונטערגעשטיצט מיט דער געהעריקער מאַמאָשעסדיקער קראַפט, וועט ער בלײַבן, ווי דער גרויסער דענקער פערדינאַנד לאַסאַל דריקט זיך אויס, נאָר אַ ווערטלאָזע שטיקל פּאַפּיר, און יעדערער וועט עס אום באַשטראָפט קענען צעטרעטן מיט די פיס. אונדזער אָרגאַניזאַציע וועט אויסקומען פירן אַ ביטערן קאַמף פאַר אָפּשאַפן יעדע איינע פון די פילצאָליקע ייִדישע באַגרענצונגען. די אַרבעט וועט פאַר אונדז קיינער ניט אָפּטאָן. אין צוזאַמענהאַנג מיט אָט דער זייער פאַראַנטוואָרטלעכער און זייער אָנגעשטרענגטער לאַגע האָט מײַן אָרגאַניזאַציע געפונען פאַר נייטיק אַרויסלאָזן צו דער ייִדישער אינטעליגענץ אַן אויפרוף. די אָרגאַניזאַציע האָפט, אַז דער אויפרוף וועט ניט בלײַבן ווי אַ שטים פון אַן איינזאַמען אין אַ מידבער. פאַרקערט, באַ די בעסטע פאָרשטייער פון דער ייִדישער אינטעליגענץ וועלן אויפציטערן די סאַמע דינסטע סטרונעס פון זייערע אויסגעבענקטע נאָך פרײַהײַט הערצער, און זיי וועלן מאַכן פונעם אויפרוף, פּראָזאַיִש גערעדט, די נייטיקע אויספירן.

מאָזעס איז געקומען צום סאָציִאַליזם מיט צוויי וועגן פאַראַמאָל: דורך יעשאַיע־האַנאָוויס „עס וועט ווינען אַ וואָלף מיט אַ שעפּס” און דורך טורגענעווס „שריפטן פון אַ יעגער”. זײַן טאַטע, אַ רײַכער ווײַנהענדלער, האָט אים געהאַלטן אין פּראָגימנאַזיע, און איינצײַטיק געשיקט לערנען העברעיִש.

— אַ שאַרפער רעדנער—האָט געזאָגט צו שנייערסאָנען דער ווײַטער קאָרעוו זײַנער דער יונגער וואַלד־סויכערל מאַקס וואַלט, וואָס האָט גראָדע געפונען זיך איצט צוליב געשעפט אין סטאַרעדאָראָגי.

דער גאַסט איז הײַנט געווען פרײַ. ער האָט זיך געקאָנט לאָזן ווילגיין און איז געבליבן פאַרברענגען דעם אָוונט אין אַן אָנגענעמער געזעלשאַפט.

שנייערסאָנען איז געווען אָנגענעם אַ גלאַנץ טאָן פאַרן גאַסט מיט זײַנע גראַנדיִעזע פאַרבינדונגען:

— אַ באַרימטער „אָראַטער”—האָט ער שטיל אײַנגערוימט דעם קאָרעוו זײַנעם.

די געלערנטע אַפּטייקערקע האָט זיך פאַרינטערעסירט:

— וועלכע פּראָבלעמעס ווערן דאָרטן באַהאַנדלט?

קאָוואַרסקי, דער לערער, האָט דעם אויפרוף געוואָלט אליין איבערלייענען.

שנייערסאָן, אַלס פּראַקטישער מענטש, האָט גלײַך געוואָלט וויסן דעם איקער:

— וועגן „פּראַווע” איז דאָרט פאַראַן?

מאָזעס איז געווען צופרידן: דעם אינטערעס האָט ער פאָראַנדערגעוועקט.

—יאָ—האָט ער צוערשט געענטפערט דעם באַלעבאָס—וועגן „פּראַווע” איז דאָרט פאַראַן. דאָרט איז פאַראַן מערער. און איבערלייענען אים וועט מען אויך קענען. באַלד.

מאָזעס האָט נאָך געוואָלט זאָגן אַ פּאָר ווערטער—ער האָט געוואָלט פאַרפעסטיקן, אַזוי צו זאָגן, דעם געוונענעם אינטערעס. ער האָט געזאָגט:

— וואָס שרעקט אָפּ דעם דורכשניטלעכן מענטשן אין דער פּראָגראַם פון די אונטערדריקטע? אַז מיר וועלן ריכטיק דורכאַנאַליזירן די פראַגע, וועלן מיר זען, אַז די איימע וואַרפט אָן דער קאַמף פאַרן אַנטגילטיקן און, פאַרשטייט זיך, גאַנץ ווײַטן ציל. דער סאָ־

ציאַליזם, דארפט איר פארשטיין, איז טאקע אונדזער ווײַטער אידעאַל. אָבער אונדזער אָרגאניזאציע איז א פראקטישע אָרגאניזאציע, און אַלס ווינקלשטיין פונ אַלע אירע אופגאבעס שטעלט זי פאר דער נאָענסטער צײַט די דעראָבערונג פונ דעם אויבנאָנגערופענעם קאָנ־טראקט. די אופגאבע קענ ניט זײַנ פרעמד דער דעמאָקראטישער אינטעליגענצ. דער אופ־רופ איז א גאנצ לאנגער. לייענענ אים וואָלט אָפּגענומענ צופיל צײַט.

ער האָט ארויסגעצויגנ דעם אופרופ פונ קעשענע:

— אָט קענ איכ אים אײַכ פאָרשטעלנ. יעדער איינער קענ זיכ מיט אים באקאנטמאכנ.

ער האָט דערלאנגט דעם אופרופ דער מאדאם שנייערסאָנ.

— אָ!—מאדאם שנייערסאָנ האָט זיכ אפנ אופרופ ארופגעוואָרפנ מיט נײַגער:—איכ האָב נאָכ קיינמאָל אינ לעבנ ניט געהאלטנ אזא זאכ אינ די הענט. אינטערעסאנט א קוק צו טאָנ, ווי דאָס זעט אויס. סארא דינע פאפיר.

זי האָט גענומענ לייענענ: „צענטראלני קאָמיטעט יעווריייסקאָווא...״ נאט, גיט דאָס איבער ווײַטער—האָט זי זיכ אויסגעקערעוועט צו העלענען.

— וואָס קומט דערפאר, אויב מע געפינט בא איינעמ אזא מינ זאכ?

— גיט דאָס מיר—האָט געזאָגט דער פעטערבורגער סטודענט גענדלער—איכ האָב פאר אזעלכע זאכנ קיינ מוירע ניט.

ווי א געניטער מענטש, האָט גענדלער א לייענ געטאָנ דעם אופרופ פונ מיטנ, פונ סאָפ. ער האָט געזאָגט:

— נו, וואָס איז דאָ אזוינס? א געוויינלעכער אופרופ.—און האָט אים אויכ איבער־געגעבנ ווײַטער.

— איז אָט, פרײַנט—גענאָסע מאָזעס האָט זיכ געזעצט רויִק אפ זײַנ אָרט, פריִער האָט ער גערעדט שטייענדיק—אינ צוזאמענהאנג מיט דעם אופרופ וועט די אינטעליגענצ דארפנ נעמענ אפ זיכ אביסל ארבעט.

— וואָסערע ארבעט?—האָט געפרעגט שנייערסאָנ.

— ערשטנס, פארשפרייטנ דעם אופרופ. צו דער זאכ דארפ מענ צוציִענ די יוגנט.

— העלענע, דאָס מיינט מענ אײַכ—שנייערסאָנ האָט א ווונק געטאָנ אינ דער זײַט פונ העלענע ראבינאָוויטש.

— איכ אנטזאג זיכ ניט—האָט געזאָגט העלענע—ווי אלע, אזוי איכ.

— אויסגעצייכנט!—האָט זיכ א נויג געטאָנ אינ איר זײַט מאָזעס.

— צווייטנס... מע וועט דארפנ דורכפירנ צווישנ דער אינטעליגענצ עטלעכע פארזאמ־לונגענ. עפשער וועט איר, פרײַנט שנייערסאָנ, נעמענ אפ זיכ דורצופירנ איינע א פארזאמלונג?

מאדאם שנייערסאָנ האָט זיכ דערשראָקנ:

— וואָס רעדט איר?

דאָ האט זי זיכ געכאפט, אז זי פארלירט דעם פאסאָנ. זי האָט געאײַלט צו פארגלעטנ דעם אײַנדרוק מיט א שפאס:

— איר ווילט פונ אים מאכנ, זע איכ, א גאנצנ אגיטאטער! איכ האָב צופיל, דארפט איר ויסנ, ארײַנגעלייגט אינ אים קאפיטאל, איכ זאָל אים אזוי לײַכט קענענ אוועקגעבנ...

— בראוואָ, מאדאם שנייערסאָנ! גוט געזאָגט! אויסגעצייכנט!

דאָס איז געווענ א קלוגער גאנג פונ מאָזעסעס זײַט. די דערמאָנונג וועגנ קאפיטאל איז געווענ דער גוטער בריק, וואָס האָט אים גלײַכ אריבערגעפירט צום צווייטנ און וויכטיקסט טייל פונ זײַנ אופגאבע.

— אָט טאקע וועגנ קאפיטאל—האָט ער געזאָגט, אונ דער אָנגענעם־גלעטנדיקער שמייכל האָט געשפּילט אפּ זײַנע ליפּנ—קענ זײַנ, אײַך וועט געלינגענ, מאדאם שנייערסאָנ, אויסצוקויפנ זיך... אָט וועלנ מיר באלד זענ. איינע פונ מײַנע וויכטיקסטע אופגאבעס איז צו ריידנ הײַנט אויך וועגנ געלט־מיטלענ. ווענ איר לייענט דעמ טייל אופרופ, ווו עס ווערט אויסגערעכנט, וואָס מיר האָבנ אופגעטאָנ פאר די אונטערדריקטע, וויפל ביכער, צײַטונגענ אונ בראָשורנ מיר האָבנ ארויסגעגעבנ, וועט איר פארשטיינ, אז אונדזער אָרגאניזאציע קומט אויס צו נעמענ אפּ זיך באדײַטנדיקע הויצאָעס. די דעמאָקראטישע אינטעליגענצ מוז ווערנ אונדזער באנקיר. אינ דער ערשטער ריי אפּעלירנ מיר צו אונדזערע דאמענ אונ פרײַלנס.

— דאָס מיינט מענ ווידער אײַך, פרײַלנ העלענע. שנייערסאָנ האָט יעדנ מאָל געהאלטנ פאר נויטיק מיט וואָס ניט איז אויסצוטיילנ די פרײַלנ ראבינאָוויטש אונ ארויסווײַזנ צו איר ספּעציעלע אופמערקזאמקײַט.

— א קליינע אינפאָרמאציע האָב איך געוואָלט צוגעבנ—האָט געזאָגט מאָזעס—צי ווייסט די פּאָרנעמע געזעלשאפט, פונ וועמענ עס באקומענ די גרעסטע שטיצע די אָרגאניזאציעס פונ די רוסישע אונטערדריקטע?—פונ די רוסישע פאבריקאנטנ. יאָ, שטעלט אײַך פאָר. די יידישע פאבריקאנטנ פארשטייענ דאָס נאָך ניט. מע דארפ דאָס זיי געבנ צו פארשטיינ. דאָס איז עפּשער די סאמע וויכטיקסטע אופגאבע פונ דער יידישער דעמאָקראטישער אינטעליגענצ, אונ דאָס איז אויך דער וויכטיקסטער פונקט פונ אונדזער הײַנטיקנ שמועס.

דער וואלד־סויכער מאקס וואָלט, האָט זיך עפּעס דערמאָנט אונ האָט זיך גענומענ אײַלנ.

— זיצ, זיצ—האָט אימ ניט געלאָזט רירנ זיך פונ אָרט שנייערסאָנ—פונקט איצטער פּאסט ניט אוועקצוגיינ.

דער סטודענט גענדלער איז גרייט געווענ צו געבנ מאָזעסנ פּראקטישע הילפ:

— העלענעס פאָטער מעג זיך אויך לאָזנ קאָסטנ אפּ אזא זאך. ניט עמעס, העלענע?

— נעמט עס צו פונדעסטוועגנ—האָט געבעטנ מאָזעסנ מאדאם שנייערסאָנ.

קאָלזמאנ דער אופרופ איז געגאנגענ פונ האנט צו האנט, האָט אימ מאדאם שנייערסאָנ אומרויִק באגלייט מיט די אויגנ.

— ארקאדי סאמאָילאָוויטש—האָט זי געבעטנ דעמ לערער—וואָס וועט איר שוינ דאָרטנ געפינענ פאר א נײַס? דער הער מאָזעס האָט שוינ אלצ אליינ געזאָגט. דאָס הארצ איז מיר די גאנצע צײַט ניט רויִק. גיט עס אָפּ. מע קלינגט. ווער קענ דאָס קלינגענ אזוי שפּעט? (צו דער דינסט) ווארט, ווארט! גיי נאָך ניט עפענענ. פרײַנט מאָזעס, אומ גאָטעס ווילנ, באהאלט עס גיכער. (צו דער דינסט) איצט קענסטו גיינ. (אינ פארלעגנהײַט) איצט ערשט קענ פאלנ א כשאד, וואָס מע האָט לאנג ניט געעפנט...

— בארויִקט אײַך, מאדאם שנייערסאָנ. געוויס גייט מענ דאָס צו מיר. איך האָב דאָ בא אײַך באשטימט אפּ דער שאָ א ראנדעוו.

די דינסט איז ארײַנגעקומענ צוריק:

— הער מאָזעס, צו אײַך.

— בעט אווײַלע צוווארטנ.

— נו, זאָגט אליינ—האָט זיך ניט אײַנגעהאלטנ מאדאם שנייערסאָנ—סארא מענטש איר זײַט. עס קלאפּט מיר אזוי דאָס הארצ... מע זשאלעוועט אײַך דענ דאָס אָרט? ביי וואָלט איר אָנזאָגנ?

## 3

אז מאָזעס האָט זיכ אומגעקערט אינ זאל צו די באלעבאטים, האָט ער פונ די געסט שוינ קיינעמ ניט געפונענ; דער אוילעמ האָט אָפגעצויגנ... דער גרויסער עס־צימער האָט געהאט א וואָכעדיקנ אויסזענ. מאדאמ שנייערסאָנ איז געזעסנ א פארזאָרגטע. דעמ קאָפּ האָט זי געהאלטנ אָנגעשפארט, ווי זי וואָלט האָבנ קאָפּשמערצנ. איצט האָט זי אויסגעזענ שטארק פארעלטערט. הער שנייערסאָנ איז נערוועז ארומגעגאנגענ איבערנ צימער מיט פארלייגטע הענט אפ אהינטער. די דינסט האָט צוגעקליבנ פונ טיש.

מאדאמ שנייערסאָנ האָט וואָכעדיק געזאָגט:

— לאנג האָט איר געשמועסט.

מאָזעס האָט ארויסגענומענ פונ וועסט־קעשענע א גרויסנ זילבערנעמ זייגער אונ א קוועטש געטאָנ די ספּראָנזשינקע:

— ניט מער פונ צענ מינוט, מאדאמ שנייערסאָנ.

— ער האָט גאָר ניט קיינ יידישנ פּאָנעמ, דער, וואָס איז געווענ בא אייך—האָט זיכ געוווּנדערט מאדאמ שנייערסאָנ,—ער איז ניט קיינ ייִד?

— טאקע!

— וואָס פאר א געשעפטנ האָט איר מיט ניט קיינ ייִדנ?

— אזעלכע זאכנ פרעגט מענ ניט—האָט זיכ ארייַנגעמישט שנייערסאָנ.

— גאָט באוואָר—פארענטפערט זיכ די מאדאמ—איכ פרעג ניט, איכ ווונדער זיכ נאָר.

שוינ געווענ שפעט אינ אָוונט, ווענ מאָזעס האָט זיכ אומגעקערט אפ דער קווארטיר. ער איז זיכער געווענ, אז קיינער היט אימ ניט—סאכאקל איז ער דאָ צווייִ מאָנאטנ, אונ בא זייַנ שטרענגער קאָנספּיראטיוקייַט האָט ער ניט געקענט צײַנ אפ זיכ קיינ פארדאכט.

ער האָט ארויסגייענדיק פונ שנייערסאָנס אומגעקוקט זיכ. פּוסט! גייט ער א רויִקער. ער גייט ניט נאָר א רויִקער—ער איז צופרידנ.

פ. נאָוויק

# ציִעניזמ אינ א ברוינ העמדל

## דער 18-טער ציִעניסטישער קאָנגרעס אינ פּראָג.

(סאָפ)

### 5. פאַלעסטינע פאַר א נײַעמ קראַכ

דער „פאַרניכטנדיקער פּעסימיזמ" אפנ ציִעניסטישנ קאָנגרעס און דער גאַנצער ספּעקטאַקל פונ כאַאָס און פאַנאַנדערפאַלונג, וואָס דער קאָנגרעס האָט מיט זיכ פאָרגעשטעלט, האָבנ אינ א באַדײַטנדיקער מאָס זייערע וואָרצלענ אינ דער לאַגע פונ דעמ יִשעוו גופע.

אוסישקינ, דער הויפּט פונ דעמ קערענ-קאַיעמעס, וואָס דאַרפ „אויסלייזנ" דעמ באָדנ אינ פאַלעסטינע פונ „פרעמדע" הענט, האָט אינ זײַנ רעדע אפנ קאָנגרעס (וועלכע איז געהאַלטנ געוואָרנ פאַר פּוסטע בענקלעכ) דערציילט זייער ניט קיינ פריילעכע זאַכנ. אָט וואָס ער האָט געזאָגט:

„נעכטנ אָוונט האָט מיכ עמיצער אינ זײַנער א באַגריסונג אופגעפאָדערט איכ זאָל זינגענ די ליד פונעמ באָדנ. איכ בינ גרייט ווידעראַמאָל דאָס צו טאָנ. דאָס איז א טרויעריקע און שרעקלעכע ליד, וואָס מוז זיכ סאָפּקאָלסאָפ פאַרוואַנדלענ אינ דער ליד פונ האָפענונג. און אויב ביז איצט איז אפ דעמ געביט געווענ טרויעריק און שרעקלעכ, איז דאָס נאָכ מער אזוי די לעצטע צײַט אינ ערעצ-יִסראָעל".

אוסישקינ האָט דערמאָנט דעמ פּרעזידענטש-באַריכט, וועלכער שטרײַכט אונטער די נויטווענדיקײַט פונ באַגרענעצנ דאָס רעכט פונ באָדנ-פאַרקויפ אינ פאַלעסטינע, און ער זעצט פאָר:

„אינ מעשעכ פונ די לעצטע 20 כאַדאָשימ, בײַס אינ אונדזער לאַנד איז געטאָנ געוואָרנ אזא גרויסע אַרבעט, און בײַס אפ ערעצ-יִסראָעל ווערנ געלייגט אזעלכע גרויסע האָפענונגענ, בײַס די האָפענונגענ צו אויסלייזנ דאָס יִדישע פאָלק און קאָנצענטרירנ עס אינ ערעצ-יִסראָעל האָבנ זיכ פאַרשטאַרקט, זײַנענ אינ מעשעכ פונ די צוואַנציק כאַדאָשימ דורכנ גאַנצנ יִדנטומ, דורכ אונדזערע באָדנ-פאָנדנ, דורכנ קערענ-קאַיעמעס, דורכ די פאַרשיידענע געזעלשאַפטנ און פאַרבאַנדנ און דורכ יעכידימ, דורכ פּריוואַט-איניציִאַטיווע, אויסגעלייזט געוואָרנ פונ ניט-יִדישע הענט ניט מער ווי אַרומ און אַרומ, געלייענט און געשריבנ, 44000 דונאַמ לאַנד.

„עס איז ניט קיינ איבערטרײַבונג, ווענ איכ וועל דערקלערנ, אז אויב מיר וועלנ ווײַטער מיט אזא טעמפּ אויסלייזנ דעמ באָדנ, און ווענ די רעגירונג, פונ דער

אנדער זײַט, וועט זיך האלטן אָן דער ליניע פון דעם פרענטש־באריכט, וועלן אונדז ניט קיין קאָנגרעסן און אויך ניט די ציִעניסטישע אָרגאניזאציעס גאָרניט נוצן. אפּ דוירעס וועט אונדזער פאָלק קיין האָפענונג און אויסלייזונג ניט האָבן, אויב עס וועט ניט געשען קיין נעס (בײַספּאל). קלאפּט ניט מיט די הענט! די זאך איז צו שרעקלעך און מוירעדיק! דעריבער מאכט מיר ניט אויס, וואָס א טייל פונעם אוילעם איז ניטאָ אין זאל".

אוסישקין האָט זיך געקלאָגט, אז אין מעשעך פון די 15 יאָר נאָך דער מילכאָמע האָבן די ציִעניסטן ניט געקראָגן פון דער רעגירונג קיין איין דונאם לאנד [1], און אז מיט יעדן יאָר ווערט דער אײַנקויף פון באָדן אלץ שווערער, פון פיל שטאנדפונקטן. וואָס שײַעך דעם פרײַז, איז דער באָדן הײַנט צוויי מאָל טײַערער, ווי פאראיאָרן. און דאָ האָט אוסישקין אָנגערירט אזוינס, וואָס ווײַזט פאָרויס דעם אָנקומענדיקן נײַעם קראך פון ייִשעוו — די „שרעקלעכע ספעקולאציע און פרייד־אופהייבונג", וואָס איז געקומען מיטן „בום" פון דער נײַער „אליִע", אזוי, אז „עס איז איצט קימאט אומעגלעך קויפן באָדן".

אָבער דאָ וועלן מיר לאָזן ריידן דעם אָפיציִעלן באריכט פון דער ציִעניסטישער עקזעקוטיווע, וועלכער וועט אונדז געבן א שטיקל באגריף וועגן דעם ספעקוליאטיוון, מענאכעם־מענדלשן כאראקטער פון דער „עקאָנאָמיק" פון דעם „ייִשעוו". דער באריכט ווײַזט אָן, אז בײס אין פאלעסטינע איז די לעצטע צײַט ארײַנגעקומען א היפשער קאפּיטאל, זײַנען אָבער אין מעשעך פון דעם יאָר „אויסגעלייזט" געוואָרן אינגאנצן צווישן 18.000 און 19.000 דונאם לאנד. דער באריכט זאָגט: (זײַט 112, דײַטשישע אויסגאבע)

„אין מעשעך פון דער צײַט האָט זיך אופגעהויבן אזא באָדן־ספעקוליאציע, וואָס איר גלײַכן איז ניט געזען געוואָרן אין פאלעסטינע און וואָס אין פארגלײַך מיט איר קאָן יענע (ספעקוליאציע) פון 1926 י. באצייכנט ווערן ווי א קינדער־שפּיל. א גרויסער טייל פון די געלטער איז אָן צווייפל ארײַנגעלייגט געוואָרן אין באָדן־אײַנקויפן אפן לאנד און אין שטאָט. עס האנדלט זיך אָבער מייסטנס וועגן קניִעס, וואָס ייִדן האָבן געמאכט ניט פון אראבישע, נאָר פון ייִדישע הענט. דאָס איז צו זען פונעם פאקט, וואָס אין 1932 זײַנען פאָרגעקומען 18.293 באָדן־טראנסאקציעס, אין פארגלײַך מיט די 11.821 טראנסאקציעס פון יאָר 1926, אינדערצײַט פון דער פערטער אליִע, ווען עס איז אויך געווען א שטארקע ספעקוליאציע. פון דעם מוז מען ציִען דעם שלוס, אז די גרויסע קאפּיטאלן, וואָס ייִדן האָבן די לעצטע דרײַ יאָר ארײַנגעלייגט אין פאלעסטינע און וואָס באטרעפן אין די פיל הונדערטער טויזנטער פונט, האָבן דער זאך פון „גאולאס האָארעצ" (אויסלייזן דאָס לאנד) גאָר אין א זייער קליינער מאָס א רוק געטאָן פאָרויס".

דער באריכט רעדט ווײַטער (זײַט 113) וועגן דעם, אז די מיליאָנען אינוועסטירטע קאפּיטאלן אין פאלעסטינע האָבן גאָרניט איפּגעטאָן אפן געביט פון „גאולאס האָארעצ", אז דער פאקטישער ייִדישער באָדן־אײַנקויף האָט זיך אָפּגעשטעלט, אז דורך דער באָדן־ספעקוליאציע אין שטאָט האָט זיך געהויבן דאָס דירע־געלט, און די וווינונג־פראגע איז

[1] א דונאמ איז ארום א צענטל פון א העקטאר.

געוואָרנ א שווערע, פונקט ווי ס'איז געוואָרנ שווער די פראגע פונ קריגנ א שטיקל ערד פאר אופשטעלנ א אינדוסטריִעלע אונטערנעמונג [1]).

פארנ קאָנגרעס האָט מענ עס געהערט, נאָכ אינ א שארפערער פאָרמ, פונ סמיליאנסקינ אונ אנדערע, אינ פאלעסטינע. איצט האָט מענ דאָס ארײַנגעשריבנ אינ אָפיציעלנ באריכט אונ פראָטאָקאָלירט אינ די סטענאָגראמעס פונ 18־טנ ציִוניסטישנ קאָנגרעס. אוסישקינ דערקלערט, אז זײַנ ליד איז „טרויעריק אונ שרעקלעכ", אונ פונ די פארגלײַכנ פונעמ באריכט מיט דער ספעקוליאציע אינ 1926, בעט זיכ פונ זיכ אלײנ דער אויספיר, אז דעמ „יִשעוו" דערווארט א קראכ, וואָס וועט אריבערשטײַגנ דעמ קראכ פונ דער פערטער „אליִע" (אליע—אימיגריר־כוואליע).

וועגנ דער לאגע באמ „אויסלייזנ", האָבנ אויכ גערעדט אנדערע אפנ קאָנגרעס—דער ציִוניסטישער עקספערט רופינ, דער מיזראָכי־פירער בערלינ, דער רעוויזיאָניסט גראָסמאנ, דער אלגעמײנער ציִוניסט באָגראטשאָוו. דער לעצטער האָט געשריִענ, פארוואָס מע דערלאָזט אינ פאלעסטינע אזא ספעקוליאציע, א שווארצע בירזשע, אונ דער דעלעגאט שורער האָט אימ ארײַנגעוואָרפנ א צווישנ־רופ: „דײַנע קאָלעגנ זײַנענ די ספעקוליאנטנ" („קאָנגרעס־צײַטונג", נומ. 5, ז. 5). בערלינ האָט געקלאָגט אפ דעמ, וואָס דער פרעסטיזש פונ ציִוניזמ איז געזונקענ אינ פאלעסטינע, אונ גראָסמאנ האָט געקלאָגט, וואָס דער הויכקאָמישיִאָנער ווּקאָפ האָט זיכ „איבערגעאנדערשט" אונ אז „די פאָליטישע לאגע אינ ערעצ־יִסראָעל איז א שלעכטע" (ק.צ. נומ. 5., ז. 7). אונ פונ אלע רייד אונ באריכטנ איז קלאָר געוואָרנ, אז די קאָלאָניזאציע אינ פאלעסטינע, וועלכע איז אלעמאָל ניט געווענ אפ קײנ הויכער מאדרייגע, איז פאקטיש אָפגעשטעלט געוואָרנ.

אינ דעמ איצטיקנ באריכט פונ דער ציִוניסטישער עקזעקוטיווע איז ניטאָ דאָס, וואָס ס'איז געווענ אינ די פאָריקע באריכטנ—א ליסטע פונ די קאָלאָניעס אונ די צאָל פונ זייערע אײַנוווינער. נײַע קאָלאָניעס געפינענ זיכ נאָכ אלץ אינ דער ספערע פונ „פלענער". דערפאר רעדט יע דער באריכט וועגנ דער אלטער וווּנד—וועגנ דעמ, אז די קאָלאָניעס אינ איימעק (די באזע פונ דער ציִוניסטישער קאָלאָניזאציע) קאָנענ נאָכ אלץ ניט עקזיסטירנ, אונ האָבנ אלע געמוזט קריגנ שטיצע. אונ ווידעראמאָל הערנ מיר וועגנ טריקעניש אינ די קאָלאָניעס—אנ אלט לידל אינ דעמ לאנד, ווו וואסער איז א טײַערער ארטיקל.

בלויז די ציִוניסטישע פאקטנ וועגנ דער קאָלאָניזאציע אינ פאלעסטינע, וועלכע איז ארײַנ אינ א טעמפנ ווינקל, צעשמעטערנ די רייד פונ נאָכעמ סאָקאָלאָוו, וועלכער האָט אראָפגענומענ די האנט פונ הארצנ אונ דערקלערט, אז די ציִוניסטנ האָבנ גאָרניט קעגנ דער קאָלאָניזאציע אינ אוקראיִנע אונ קרימ, באדויערנדיק דערבײַ, וואָס אָט די קאָלאָני־

---

[1]) דער ציִוניסטישער „יִדישער זשורנאל" פונ טאָראָנטאָ, דערציילט דעמ 2־טנ אָקטיאבער אונטער א קאָפל: „טײלאָוויוו—סדוימ" וועגנ א געשריי, וואָס דער מער פונ טײלאָוויוו, דיזענגאָפ, האָט אופגעהויבנ וועגנ די „מײַסע סדוימ" אינ דער שטאָט. מע ווארפט זיכ ארומ אפ דעמ געקומענעמ, דעמ פרעמדנ, אונ „מע זויגט בלוט, שווייס, מארכ אונ לעבנ". דאָס מוינ אייגענע, וואָס זײַנענ געקומענ קײנ טײל־אָוויוו פריִער. 1) מע רעכנט אימיגראנטנ דרײַ דאָלער א נאכט פאר שלאָפנ. 2) אינ די געשעפטנ איז דאָ צווײ פרײַזנ—דער געוויינלעכער פרײַז פאר אָרטיקע אונ א העכערער פרײַז פאר געקומענע. 3) באמ פארדינגענ א דירע, א געשעפט, בעט מענ בא געקומענע אזעלכע הויכע פרײַזנ, „וואָס וואָלטנ ארויסגערופנ א שפײַ בא יעדנ, ווענ מע פארלאנגט אזא פרײַז פאר אזא סכוירע אפילע בא אונדז אינ דאָלארנ־לאנד". 4) מע דערציילט וועגנ „א יִד א באלעבאָס, וואָס זאָגט זיכ אָפ צו באצאָלנ אנ ארבעטער, ווײַל—זאָגט ער א וואָרט, וועל איכ גאָר מעלדנ דער פאָליציי, אז דו בינסט ארײַנגעקומענ אומלעגאל".

זאַציע מוז זײַנ „טויט און אומפּרוכטבאַר“, ווײַל אינ איר איז ניטאָ קיינ „היסטאָרישער לעבנ“. זאָלנ שוינ די ווערטער פונ דעמ באַריכט (סאָקאָלאָווס באַריכט) וועגנ דער אומגעהערטער ספּעקוליאַציע, און זאָל אויסשקינס „טרויעריק און שרעקלעכ“ ליד זײַנ דער ענטפער אַפ סאָקאָלאָווס רעאַקציאָנער־באַטלאָנישע רייד. און נאָכ העכער, פאַרשטייט זיכ, ווערנ די רייד אָפּגעענטפערט דורכ דעמ פולבלוטיקנ וווקס פונ די ייִדישע קאָלאָניעס אינ סאָוועטנפאַרבאַנד, ווו עס זײַנענ ניטאָ ניט קיינ ספּעקוליאַנטנ און ניט קיינ אימפּעריאַליסטישע באַיאָנעטנ, און ווו די אַרבעט איז אָנגעפילט מיטנ אינהאַלט פונ סאָציאַליסטישער בויונג!

פאַרקערט, גאָרניט פריילעכ האַלט עס מיטנ „היסטאָרישנ לעבנ“, וואָס ווערט געבויט אַפ אימפּעריאַליסטישע באַיאָנעטנ, אינ דעמ לאַנד, ווו עס איז פאַראַנ — ניט קיינ פרײַער באָדנ, נאָר אַראַבישע פּויערימ, וואָס זײַנענ „פרײַ“ פונ ערד. [די ענגלישע מאַכט זוכט קעסיידער אָנצוהאַלטנ איר גלײַכגעוויכט דורכ שטיצנ הײַנט דעמ ציִעניזמ און מאָרגנ די אַראַבישע נאַציאָנאַליסטנ.

אָנ שומ שאָדנ פאַר אירע פּאָזיציעס אינ פּאַלעסטינע, אַפ וועלכע דער ציִעניזמ וועט איר פאָרזעצנ צו דינענ געטרײַ, ווײַל ער האָט קיינ שומ אַנדער ברײרע ניט האָט די ענגלישע רעגירונג אימ אַ קלאַפּ געטאָנ דורכנ פאַרעפנטלעכנ דעמ פרענטשבאַריכט וואָס האָט געזאָלט, לויט אַ צוזאָג דער ציִעניסטישער אָרגאַניזאַציע, ניט פאַרעפנטלעכט ווערנ. לויט די רעקאָמענדאַציעס פונ דעמ באַריכט ווערט נאָכ שווערער צו אײַנקויפנ באָדנ אינ פּאַלעסטינע: עס ווערנ אַרויפגעלייגט שטײַערנ אַפ דער גאַנצער באַפעלקערונג, קעדיי צו פאַרגיטיקנ די פעלאַכנ, וואָס די ציִעניסטנ האָבנ אַראָפּגעטריבנ פונ זייער באָדנ (פאַקטיש וועלנ פונ די געלטער געניסנ די עפענדיס און די אַנדערע אַראַבישע דינער פונ ענגלישנ אימפּעריאַליזמ), און עס שטייט פאַר די ציִעניסטנ ווידעראַמאָל די געפאַר פונ „אַ פּאַרלאַמענט“ אינ פּאַלעסטינע [1].

אַנ אַנדער געפאַר — אַז דער אַמעריקאַנישער קאַפּיטאַל, וואָס איז קיינ פּאַלעסטינע געקומענ צוליב דעמ קריזיס אינ אַמעריקע און צוליב דעמ „בומ“ אַפ אָראַנזשנ (אַפּעלסינענ פּאָמעראַנצנ), זאָל ניט אַנטלויפנ צוריק, ערשטנס — אונטערנ אײַנפלוס פונ דער „אויבליי“־פּראָפּאַגאַנדע אינ אַמעריקע, און — צווייטנס — צוליב די שלעכטע אויסזיכטנ פונ דעמ אָראַנזשנמאַרק. דערדאָזיקער מאַרק ווערט זייער שאַרפ באַדראָט צוליב דער שטײַגנדיקער קאָנקורענצ פונ עגיפּטנ, שפּאַניע, ווו עס זײַנענ פאַראַנ ריזיקע שטאָכימ לאַנד פאַר אָראַנזשפּלאַנטאַציעס, און צוליב דער קאָנקורענצ פונ דעמ אינדזל ציפּרוס (באַהערשט פונ ענגלאַנד), ווו עס ווערט געפּלאַנצט אַפ אַ גרויסנ מאַסשטאַב און ווו דער אָראַנזש איז דערזועלביקער ווי אינ פּאַלעסטינע. פונ דער אַנדער זײַט האָט דער וועלט־מאַרק (וואָס באַשטייט הויפּטזעכלעכ פונ ענגלאַנד, דײַטשלאַנד, און אַנדערע „ציוויליזירטע“ לענדער פונ דער קאַפּיטאַליסטישער אייראָפּע) זיכ פאַרשמעלערט, צוליב דער אַלץ פאַלנדיקער קויפּ־קראַפט פונ די מאַסנ, באַזונדערס אינ דײַטשלאַנד. אַלע קאָנצעסיעס, וואָס די ציִעניסטנ זײַנענ גרייט צו געבנ, היטלערנ, וועלנ ניט העלפנ אַפ אײַנהאַלטנ דײַטשלאַנד אַלס קויפער פונ דעמ „יאַפע־אָראַנזש“־נ

[1] אינ רעוויזיאָניסטישנ זשורנאַל „די וועלט“, נומ. 19, שרײַבט דער רעוויזיאָניסט גרינבערג: „איכ בינ געזעסנ אינ דער פּאָליטישער קאָמיסיע און געהערט, וואָס פּראָפ. בראָדעצקי און כאַווער מוישע שירטוכ זאָגנ“... „וואָס איכ „מעג“ זאָגנ איז: ווייסט, ייִדנ, אַז די ציִעניסטישע לייטונג האָט געבראַכט דעמ ציִעניזמ צומ טהאָמ. עס זײַנענ געווענ שאָענ פונ גרויל צו הערנ דעמ עמעס“.

אויך צוליב אנטיסעמיטישע טײַמים מוז אָט־דער מארק געשלאָגן ווערן, ניט געקוקט אפ די אָפמאכן, וועלכע האָבן פאר היטלערן הויפטזעכלעך א „מאָראלישן״ ווערט.

עקאָנאָמיש שטייט פאלעסטינע פאר א נײַעם קראך. אין פוילן האָבן זיך שוין אָנגעהויבן ווײַזן אויסוואנדערער, וואָס זײַנען צוריק געקומען פון פאלעסטינע. וואָס שײַעך די דײַטשישע יידן, ווערט שוין גערעדט אָפן, אז „מע דארף באצײַטנס זײַן צוגעגרייט צו דעם געדאנק, אז א גרויסע צאָל פון זיי וועלן פאלעסטינע פארלאָזן אנטוישטע און אומצופרידענע״[1]). וויאזוי דער קראך וועט זיך אָפרופן אפן ארבעטער, איז קלאָר. אפילע אין דער צײַט פון „פראָספעריטי״ איז דער היסטאדרוס־אָרגאן „דאָוואָר״ געווען געצווּונגען צו שרײַבן (27־טן סענטיאבער, 1932): „דער קאָלאָניסט פון גאָליל ווייס נאָך ניט פון אופבלי. דער אײַנוואנדערער פײַניקט זיך נאָך אזוי ווי פריער, זיך און זײַן מישפּאָכע, זוכנדיק א שטיקל פארנאָסע. און געוויס וועט איר ניט געפינען קיין שפור פון אופבלי בא די האנדל־אָנגעשטעלטע, בא די הויז־באשעפטיקטע, באם ארבעטער, באם טאָג־ארבעטער״. אנדערש קאָן עס גאָרניט זײַן אין א אימפעריאליסטישער קאָלאָניע, אין א יישעוו פון ספעקוליאציע, שווארצע בירזשעס און—„מײַסע סדוימ״.

פּאָליטיש און עקאָנאָמיש שטייט דער ציוניזם פאר א „נײַעם״, פארשארפטן קריזיס—דער פערמאנענטער קריזיס פון א מעשאָרעס פון אימפעריאליזם.

## 6. דאָס ברוינע העמדל

דר. כאים ארלאזאָראָוו, מיטגליד פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע און פון דער עקזעקוטיווע פון דער „יידישער אגענטור״, א פירער פון די „לינקע״ איז דערמאָרדעט געוואָרן אין טעל־אָוויוו דעם 16־טן יונ (1933). אונטערן צייכן פון אָט דעם מאָרד איז פאָרגעקומען דער 18־טער ציוניסטישער קאָנגרעס.

דער קאָנגרעס האָט עס געזאָלט די פראגע וועגן דעם מאָרד באהאנדלען. אויסגעלאָזן האָט זיך, אז דער קאָנגרעס האָט פארבראכט „11 טעג און 11 נעכט״ אין קאמפ אפ ניט באהאנדלען די פראגע. און אזוי האָט טאקע פאסירט: די פראגע איז פארשמירט געוואָרן מיט א קאָמיסיע, וואָס וועט דארפן ברענגען א באריכט צום קומענדיקן קאָנגרעס, אין 2 יאָר ארום...

דאָס איז דער וויכטיקסטער שטריך אין דעם גאנצן ארלאזאָראָוו־איניען: די ציוניסטישע באוועגונג טוט אלץ, וואָס זי קאָן צו דערשטיקן אים בייס עס איז ניטאָ קיין שום צווייפל, אז די רעוויזיאָניסטן האָבן דעם מאָרד דורכגעפירט, טוט די ציוניסטישע באוועגונג אלץ, וואָס זי קאָן, ניט צו דערלאָזן, אז די שולד זאָל פאלן אפ די רעוויזיאָניסטן (צום אָנהויב האָט מען געזוכט ווארפן די שולד אפ „קאָמוניסטן״).

ניט נאָר דערפאר, וואָס די רעוויזיאָניסטישע פראקציע איז א טייל פון דער ציוניסטישער באוועגונג, נאָר דערפאר, ווײַל פאקטיש האָט די ציוניסטישע באוועגונג אָנגענומען דעם רעוויזיאָניזם. אין אלע גרינטלעכע פּאָליטישע פראגעס, אינעם אָנגריף אפ די אראבער, אין דער מיטארבעטערשאפט מיטן אימפעריאליזם, אין העלפן די „נאציאָנאלע אינדוסטריע״, איז פאקטיש ניטאָ קיין אונטערשייד צווישן דעם רעוויזיאָניזם און די אנדערע טיילן פון דער ציוניסטישער באוועגונג. דער רעוויזיאָניסטי־

[1]) ב. סמאָליאר אין זײַן ראָשעשאָנע־איבערזיכט פאר דער „איטא״, ציטירט פון טאָראָנטער „יידישן זשורנאל״ פון 62־טן סענטיאבער.

שער פאשיזמ איז נאָר די לאָגישע פרוכט פונ א רעאקציאָנערער, אולטרא-שאָוויניסטישער באוועגונג. דערפאר עקזיסטירט עס אזא אָרגאנישע פארבינדונג צווישנ די רעוויזיאָניסטנ, מיזראָכי אונ אלגעמיינע צ׳ִעניסטנ—ניט געקוקט אפנ מאָרד. דערפאר האָט דער פירער פונ די היסטאדרוסניקעס, בענ גוריענ, געקאָנט ארויסטרעטנ קעגנ באזײַטיקנ די רעוויזיאָניסטנ פונ קאָנגרעס אונ פונ דער אָרגאניזאציע, ווײַל—„הײַנט האָבנ מיר די מאכט אונ מיר וועלנ זיי אויסשליסנ, אינ צוויי יאָר ארומ וועלנ זיי האַב די אַכט אונ זיי וועלנ אונדז אויס־שליסנ“. מע איז גרייט ווײַטער צו לעבנ צוזאמענ—אונ ניט אָנ באהאלטענער ליבשאפט. מע איז גרייט צו לעבנ אונטער זשאבאָטינסקעס הערשאפט, אונ מע ריכט זיכ אפ אזא מאָמענט.

דיזעלביקע „ייִדישע רונדשאו“, וואָס גייט פרײַ ארויס אינ היטלער־בערלינ, אונ וועלכע האָט אויסגעדריקט רעספעקט דאָס „דערוואכטע דײַטשלאנד“, האָט דעמ 25־טנ אוי־גוסט געשריבנ אינ א באריכט פונ פראָג:

„די קעגנער פונ פארלאמענטאריזמ וואָלטנ זיכ קוימ געווונטשנ א בעסערע דעמאָנסטראציע ווי די, וואָס דער צ׳ִעניסטישער קאָנגרעס שטעלט צו אינ מעשעכ פונ די לעצטע 10 יאָר. אינ דער באוועגונג האָט זיכ אלעמאָל געפילט א באגער פאר א שטארקנ ווילנ פונ אויבנ אפ אָנפירנ מיט איר“.

דער קאָנגרעס האָט זיכ געעפנט דעמ 21־טנ אוגוסט. דער שרײַבער פונ דעמ באריכט האָט שפעטסטנס געקאָנט שרײַבנ זײַנע ווערטער דעמ 23־טנ, ווײַל דעמ 24־טנ האָט זײַנ בריוו געמוזט זײַנ אינ בערלינ, באמ דרוקער אינ די הענט. דער ערשטער טאָג פונ קאָנ־גרעס איז פארנומענ געוואָרנ מיט סאָקאָלאָווס דערעפענונג־רעדע אונ באגריסונגענ. אָבער דער שרײַבער האָט אפילע די געשעפט־זיצונגענ פונ איינ טאָג ניט געדארפט זענ, קעדיי צו קומענ צו זײַנ אויספיר, ווײַל „אלע מאָל“ האָט זיכ אינ דער צ׳ִעניסטישער באוועגונג געפילט א באגער פאר א „שטארקנ ווילנ“, א „פירער“...

די דײַטשישע צ׳ִעניסטנ, וועלכע האָבנ זיכ אזוי פײַנ אונ מיט גרויס דערפאָלג אײַנגע־אָרדנט אונטערנ היטלער־רעזשימ, זײַנענ ביכלאל מער ריידעוודיק אונ אָפנהארציק, אפ אזוי ווײַט, אז געוויסע שיכטנ פונ די דײַטשישע ייִדנ, וועלכע זײַנענ פריִער באאײַנפלוסט געוואָרנ פונ דעמ „פעסטנ טאָנ“ פונ די צ׳ִעניסטנ, האָבנ זיכ אָנגעהויבנ צוריקציִענ. „ביסלעכווײַס, ביסלעכווײַס, האָט אָבער אָנגעהויבנ שלאָגנ א זייער שלעכטער רייעכ פונ דערדאָזיקער פובליציסטיק“,—שרײַבט א בירגערלעכער קאָרעספאָנדענט פונ בערלינ. „די טקיפעס זייערע נעמט זיכ אפאָנימ דערפונ, וואָס דידאָזיקע שרײַבער קאָנענ קלוימערשט דערווײַזנ, אז זיי, די צ׳ִעניסטנ אינ דײַטשלאנד, זײַנענ פונ טאָמיד אָנ געשטאנענ אפנ „פעלקישנ שטאנדפונקט“.

די צ׳ִעניסטנ, די ייִדישע פריידיקער פונ „ריינער ראסע“, דערקלערנ, לויט דעמ־זעלביקנ קאָרעספאָנדענט: „מיר זײַנענ פונ אלעמאָל געשטאנענ אפ דעמ שטאנדפונקט פונ דעמ הײַנטיקנ רעזשימ, אונ נעמלעכ, אז א פאָלק מיינט ניט קולטור־געמיינ־שאפט, נאָר בלוט־געמיינשאפט“ [1]

„מיר זײַנענ אלעמאָל געשטאנענ אפ דעמ שטאנדפונקט פונ דעמ הײַנטיקנ רעזשימ“. אָט אפ ווי ווײַט די צ׳ִעניסטנ קאָנענ מיט פולע רעכט זאָגנ, אז זיי זײַנענ געווענ היטלעריסטנ נאָכ איידער מע האָט פונ היטלערנ געוווּסט. די ברוינע

1) ד. בערג אינ „טאָג“, 6 סענטיאבער.

העמדלעכ פונ זשאבאָטינסקעס באנדעס זײַנענ נאָר אנ אויסדרוק פונ דעמ קוואל, וואָס כאפט ארומ די גאנצע ציִוניסטישע באוועגונג, אינ דער ברייט אונ אינ דער טיפ. אזוי, אז דאָס לידל, וואָס זשאבאָטינסקעס „שטורמיסטנ“ האָבנ אינ אָנהויב מײַ געזונגענ איבער די גאסנ פונ טעל־אָוויוו: „איטאליאָ לײמוסאָלינ, גערמאניאָ לײהיטלער, קפאר סאוואָ אופעסעכ טיקוואָ לאָנו“ (איטאליע—מוסאָלינינ, דײַטשלאנד—היטלערנ. אונדז—קפאר סאוואָ אונ פעסאכ טיקווע), איז אפ אלע 100 פראָצ. אנ אויסדרוק פונ דער גאנצער ציִוניסטישער באוועגונג, אויב אפילע געוויסע טײלנ זײַנענ ניט מאסקימ מיטנ אויספיר: „זאָל לעבנ, זאָל לעבנ זשאבאָטינסקי“.

אפ וויפל עס איז ווידעראמאָל ניטאָ קיינ פונדאמענטאלער אונטערשייד צווישנ די רעוויזיִאָניסטנ אונ היסטאדרוסניקעס, קאָנ מענ עס זענ פונ דער באציִונג פונ די לעצטע צו דער וויכטיקער רעוויזיִאָניסטישער פאָדערונג, מע זאָל זיכ דערשלאָגנ, אז קיינ פאלעסטינע זאָלנ איבערגעוואָרפנ ווערנ הונדערט טויזנט מיליטעריש־אָרגאניזירטע ייִדישע יונגעלײַט.

אינ וואַרשעווער „הײַנט“ פונ 30־טנ מײַ האָט בענ גוריענ געשריבנ:

„די גרויסע פראגע פונ ייִשעוו איז די פראגע פונ שוץ, זיכערהײַט, פארטיידיקונג... די געשעענישנ פונ 1929 קאָנענ זיכ איבערכאזערנ—אונ אינ א גרעסערער אונ שרעקלעכער מאָס. אונ די גרויסע אופגאבע, וואָס שטייט איצט פאר אונדז, איז צו שאפנ אזא ייִדישנ קויעכ אינ לאנד, וואָס זאָל קאָנענ מיט אייגענער קראפט זיכ פארטיידיקנ. דאָס איז דער נעקסטער עטאפ אינ דער פארווירקלעכונג פונ ציִוניזמ. אונ דערפאר איז דאָס ארײַנברענגענ אינ לאנד פונ נײַע 40—50 טויזנט כאלוצימ פאר די (דער) גאָר נאָענטסטע(ר) צײַט א גרויס(ע) באדערפעניש, אנ איקערדיקע זאָרג פונ ציִוניזמ“ (אונטערגעשטראָכנ פונ מיר—פ. נ.).

אונ אזוי האָט זיכ אויכ אויסגעדריקט ארלאזאָראָוו: מיט נאָכ 40—50 טויזנט כאלוצימ אינ פאלעסטינע, איז „די זאכ געמאכט“. דאָס איז געווענ ניט לאנג איידער די רעוויזיִאָניסטנ האָבנ זייער זאכ „געמאכט“... אָבער דאָס ענדערט ניט דאָס פונדאמענטאלע. אלע פראקציעס פונ ציִוניזמ דארפנ דאָס כאלוצימ־קאנאָנענ־פלייש אינ קאמפ קעגנ דער אראבישער מערהײַט. אויכ דער ענגלישער אימפעריִאליזמ דארפ דאָס ציִוניסטישע קאנאָנענ־פלייש אינ קאמפ קעגנ אנ אראבישנ אופשטאנד, אינ אנ אימפעריִאליסטישנ אָנגריפ־פלאנ—אונ אהער קאָנ אויכ ארײַנגיינ אנ אָנגריפ אפ די סאָוועטישע נאפט־געביטנ, דורכ איראק אונ פערסיע—וועט ענגלאנד, ווענ זי וועט דארפנ, זיכ קאָנענ באנוצנ מיט דער ארמיי.

דער מאָרד אינ די רייענ פונ ציִוניזמ רירט ניט אָנ דעמ פונדאמענט, אפ וועלכנ אלע שטייענ — צו שטיצנ זיכ אפ דעמ אימפעריִאליזמ אונ אימ דינענ, פונקט ווי דאָס, וואָס קאטוילישע נאציִאָנאליסטנ ווערנ דערמאָרדעט אינ דײַטשלאנד, רירט ניט אָנ דעמ פונדאמענט, אפ וועלכנ די אלע קויכעס פונ קאפיטאליזמ געפינענ זיכ — אײַנהיטנ די קאפיטאליסטישע סיסטעמ, אונטערדריקנ די רעוואָליוציִאָנערע באוועגונג.

אפנ געביט פונ אונטערדריקנ די רעוואָליוציִאָנערע באוועגונג אינ פאלעסטינע איז געוויס ניטאָ קיינ סיכסעכ צווישנ די רעוויזיִאָניסטנ אונ היסטאדרוסניקעס. אונ אינ „גאָלעס“ דערפילט דאָס ברוינע העמדל, ווי דער אָפנסטער אויסדרוק פונ ציִוניזמ אינ דעמ איצטיקנ פעריִאָד פונ היטלעריזמ, נאָכ שארפער די ציִוניסטישע ראָל אונ פירט נאָכ דײַטלעכער אויס די אלטע קאָנטר־רעוואָלוציִאָנערע מיסיע פונ ציִוניזמ. אינ פילסודסקי־פוילנ איז דאָס ציִוניסטישע ברוינע העמדל ניט סטאמ אזוי לעגאליזירט, נאָר די זשאבאָטינסקי־

באנדעס קריגן פולשטענדיקע הילף פון דער פילסודסקי־פּאָליציי, פון פילסודסקיס דעפענזיווע, ווי אן אינסטרומענט קעגן די רעוואָליוציאָנערע ייִדישע ארבעטער. ייִדישע באלעבאטישע זינדלעך ווערן אָרגאניזירט צו ברעכן שטרײַקן, צו ארונטערײַסן ארבעטער־פארזאמלונגען.

אין דעם פעריאָד פון היטלעריזם איז דער ציִעניזם געקומען אָפענער צום אויסדרוק—דורך זײַנע „ראסן־טעאָריעס", „ריינע בלוט"־טעאָריעס, און—דאָס ברוינע העמדל. פארן ייִדישן ארבעטער ווערט דורכדעם אלץ קלאָרער וואָס פאר א ביטערער סוינע דער ציִעניזם איז פאר אים,—ווי יעדער מין נאציאָנאליזם און שאָוויניזם—ייִדישער, פוילישער, דײַטשישער, אָדער וועלכער ניט איז אנדערער. און אַפּ וויפל דער פילסודסקי־פאשיזם און דער היטלער־פאשיזם קאָנען ניט באווײַזן צו לייזן די פּראָבלעמען אויך פון דעם פוילישן און דײַטשישן קליינבירגער, ניט געקוקט אַפּ אלע צוזאָגן, מוז אויך פאר דעם אָרעמען ייִדישן קליינבירגער, פאר דער קליינבירגערלעכער יוגנט, קלאָר ווערן, אז נאָר דער ארבעטער־קלאס, ווען ער וועט קומען צו דער מאכט, וועט די פּראָבלעמעס זייערע קאָנען לייזן.

די „אנטפלעקונגען" וועגן ספעקוליאציע און שווארצע בירזשעס אין פאלעסטינע און „סדוים־בעטלעך" אין טעל־אָוויוו, דער „נײַער" קראך פון דער פאלעסטינער קאָלאָניזאציע, שטרײַכן אונטער צום טויזנטן מאָל, אז פאלעסטינע שטעלט מיט זיך אין קיין שום פאל ניט פאָר קיין לייזונג פאר די ייִדישע מאסן. דער ארלאזאראָוו־מאָרד און די וואָרענונגען פאר נײַע געשעענישן, און די גאנצע בלוטיקע שפיל פון ענגלישן אימפעריאליזם, שטרײַכן אונטער צום טויזנטן מאָל וואָס פאר א בלוטיקע אוואנטיורע דער ציִעניזם שטעלט מיט זיך פאָר. און צום טויזנטן מאָל שטרײַכט עס אלץ אונטער, אז נאָר אין דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג און האנט בא האנט, מיטן קאמף פאר א שטארקער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג, מיטן קאמף פאר ארבעטער־מאכט, מיטן קאמף צו שיצן דעם סאָוועטנפארבאנד, מיטן קאמף קעגן פאשיזם, מוז גיין דער קאמף קעגן שאָוויניסטישן קלעריקאלן, קאָנטער־רעוואָליוציאָנערן, אוואנטיוריסטישן, אנטיסאָוועטישן און היטלעריזירטן ציִעניזם.

ל. צארט

# די פּראָבלעמ פונ מיטלופעריי אינ ליטעראטור אינ שײַנ פונ קאָנטער-רעוואָליוציאָנערנ טראָצקיזמ

(פונ א גרעסערער ארבעט וועגנ טראָצקעס ליטעראטור־מעטאָדאָלאָגיע)

אינ ארסענאל פונ די דערפאָלגנ, וואָס די מארקסיסטיש-לענינישע ליטעראטור-וויסנשאפט האָט דערגרייכט פאר די לעצטע יאָרנ אינ איר קאמפ קעגנ אלערליי בורזשואזע, מענשעוויסטישע אונ רעכט־אָפּאָרטוניסטישע טעאָריעס אינ געביט פונ ליטעראטור־קענטעניש, וועט דער זיג איבערנ קאָנטער־רעוואָליוציאָנערנ טראָצקיזמ באשטימט פארנעמענ איינעמ פונ די אָנגעזעענסטע ערטער. עס איז געגנונ צו דערמאָנענ יענע גרויסע ארבעט, וואָס אונדזער קריטיק האָט אָפּגעטאָנ אינ צוזאמענהאנג מיטנ בריוו פונ כ׳ סטאלינ אינ רעדאקציע פונ „פּראָלעטארסקאיא רעוואָליוציא“, וואָס האָט אראָפּגעריסנ די מאסקע פונ ניט איינ פארבאהאלטענעמ טראָצקיסט, פונ ניט איינ טראָצקיסטישנ קאָנטראבאנדיסט. אינ שײַנ פונ כ׳ סטאלינס בריוו, איז באזונדערס קלאָר געוואָרנ, ווי וואכזאמ עס איז אונדזער פארטייִשע קריטיק, ווי מאָביליזירט זי איז קעגנ אלערליי קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע אונ אָפּאָרטוניסטישע טעאָריעס.

גלײַכצײַטיק מוז מענ אָבער אונטערשטרײַכנ, אז אויב מיר האָבנ א ריי דערגרייכונגענ אינ זינ פונ אופדעקנ אונ צעשמעטערנ א ריי טראָצקיסטישע טעאָריעס אינ דער ליטעראטור (די בורזשואז־הומאניסטישע טעאָריעס פונ „פּערעוואל“, די טעאָריע פונ וואָראָנסקינ, גאָרבאָוונ אונ אנד.), איז נאָכ אדהאיעמ ביז גאָר ווייניק געטאָנ געוואָרנ אפ אופצודעקנ אלע קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע טעאָריעס פונעמ „לערער“ גופע—פונ טראָצקענ.

דעמ ציל, וואָס מיר שטעלנ זיכ אינ דעמדאָזיקנ ארטיקל, איז באלײַכטנ א טייל פּראָבלעמעס, אינ וועלכנ דער קאָנטער־רעוואָליוציאָנערער טראָצקיזמ איז געווענ באזונדער טעטיק—דאָס איז די פראגע וועגנ דעמ אָרט פונ דער אינטעליגענצ אינ דער רעוואָליוציע ביכלאל אונ אינ דער קולטור־בויונג ביפראט. דידאָזיקע אלע פראגעס זײַנענ ענג געקניפּט אונ געבונדנ מיט טראָצקיס אלע מענשעוויסטיש־ליקווידאטאָרישע טעאָריעס וועגנ דער קולטור־בויונג אונ האָבנ באקומענ א פארגאנצטנ אויסזענ אינ זײַנ שטעלונג צו די אזוי־גערופענע מיטלופער אינ דער ליטעראטור.

טראָצקעס טעאָריעס וועגנ מיטלופער אונ מיטלופעריי אינ דער ליטעראטור שפּיגלענ אָפּ אלע „פּערל“ פונ זײַנ גאנצער מענשעוויסטיש־עקלעקטישער מעטאָדאָלאָגיע:

דאָ האָבן מיר, ווי אין אלע פראגעס איבער ליטעראטור און קולטור, א ברייטע אמפליטודע פון וואקלענישן צווישן אָפּלייקענען אינגאנצן די ראָלע פון די מיטלויפער ביז איבערגעבן זיי די פולקאָמע העגעמאָניע אין דער ליטעראטור. דידאָזיקע פריוואטע פּראָבלעם מוז אָבער אטראכט ווערן אפּ א מער ברייטערער באזע—וויִאזוי טראָצקי לייזט די פּראָבלעם פון דער אינטעליגענץ ביכלאל, און דאן ווערט באזונדערס בולעט יענער קאָנטר־רעוואָליוציאָנערער אינהאלט, וועלכן טראָצקי האָט ארײַנגעלייגט אין דידאָזיקע אלע טעאָריעס.

טראָצקעס שטעלונג צו דער אינטעליגענץ איז א העכסט אינטערעסאנטע און א באַלערנדיקע געשיכטע. באדינגלעך וואָלט מען זי געקענט אָנרופן אזוי: „די קאפריזנע ליבע צווישן ל. טראָצקי און דער רוסישער אינטעליגענץ". דידאָזיקע „ליבע-געשיכטע" איז א גאנץ לאנגע און דויערנדיקע און איז סאקע פארבונדן מיט עמעסער געשיכטע. עס האנדלט זיך וועגן דעם, וויִאזוי טראָצקי האָט אונדז אויסגעמאָלט דעם גאנג פון דער רוסישער געשיכטע, די פאנאנדערשטעלונג פון פארשיידענע סאָציאלע קויכעס אפּ באזונדערע עטאפּן פון דעם היסטאָרישן פּראָצעס, די ראָלע פון דער אינטעליגענץ דערביַי א.א.וו. אן עקסקורס אין דעמדאָזיקן געביט איז אונדז אומבאדינגט נייטיק, ווײַל נאָר אין שײַן פון דעם, וויִאזוי טראָצקי לייזט דידאָזיקע אלע פּראָבלעמעס, וועט אונדז בולעטער ווערן די מעטאָדאָלאָגישע זײַט פון זײַן שטעלונג פון דער פראגע וועגן א פּראָלעטארישער ליטעראטור, קולטור־ירושע און זײַן באציִונג צו מיטלויפער.

איז אָט, וויִאזוי קומט פאָר דער היסטאָרישער פּראָצעס לויט טראָצקען? —מע וואָלט אייגנטלעך געדארפט זאָגן לויט טראָצקי־פּלעכאנאָוו, ווײַל קיין גרויס אָריגינעלקײַט ווײַזט דאָ טראָצקי ניט ארויס: אין גרונט גענומען שטייט ער אפּ די מענשעוויסטישע פּאָזיציעס פון פּלעכאנאָוו אין דערדאָזיקער פראגע.

לאָמיר זיך דערמאָנען, אין וואָס ס'באשטייט דידאָזיקע מענשעוויסטישע טעאָריע. פּלעכאנאָוו האלט זיך בא דעם מיינונג, אז קלאסן־קאמפּ איז ניט די איינציקע טרײַב־קראפט פון דעם געשיכטלעכן פּראָצעס, נאָר איינע פון אסאך אנדערע. ער שרײַבט:

„קעדיי צו פארשטיין, אפּ וואָס פאר אן אויפן די קונסט שפּיגלט אָפּ דאָס לעבן, דארפּ מען פארשטיין דעם מעכאניזם פון דעם לעצטן. און בא די ציווילירטע פעלקער שטעלט מיט זיך פאָר דער קלאסן־קאמפּ איינע פון די וויכטיקסטע פרוזשינעס" (Плеханов, Французская драматич. литература, т. 14, с. 143).

און וויבאלד, אז קלאסן־קאמפּ איז נאָר איינע פון די פּרוזשינעס פון דעם געזעלשאפטלעכן לעבן, איז קען אמאָל דידאָזיקע פּרוזשינע זײַן יאָ גילטיק און אמאָל—ניט. דאָס איז אָפּהענגיק פון אָרט, צײַט א.א.וו. אשטייגער, אין באצוג צו רוסלאנד איז פּלעכאנאָוו געקומען צו אזא קאָנצעפּציע:

„דער אנטוויקלונג־גאנג פון יעדער געגעבענער געזעלשאפט, וואָס איז צעטיילט אפּ קלאסן, ווערט באשטימט דורך דעם אנטוויקלונג־גאנג פון דידאָזיקע קלאסן אין זייערע געמיינזאמע באציִונגען, ד. ה., ערשטנס, דורך זייער געמיינזאמען קאמפּ דאָרטן, ווּ עס האנדלט זיך וועגן דער אינערלעכער געזעלשאפטלעכער אײַנאָרדענונג, און, צווייטנס, דורך זייער מער אָדער ווייניקער פרײַנטלעכער מיטארבעטערשאפט דאָרטן, ווּ עס האנדלט זיך וועגן פארטיידיקן דאָס לאנד פון אויסערלעכע אָנפאלן: הייסט עס, אז דורך דעם אנטוויקלונג־גאנג און געמיינזאמע באציִונגען פון

די קלאסנ, וואָס האָבנ מיט זיכ פאָרגעשטעלט די רוסישע געזעלשאפט, דארפ דער־קלערט ווערנ די אָנסאָפּעקדיקע רעליאטיווע אייגנארטיקײַט פונ דעמ רוסישנ היסטאָרישנ פּראָצעס" (Плеханов, История русской общественной мысли, т. I, с. 11).

די „רעליאטיווע אייגנארטיקײַט פונעמ רוסישנ „היסטאָרישנ פּראָצעס" באשטייט אינ דעמ, וואָס אינ רוסלאנד איז טאקע, לויט פּלעכאנאָוונ, פאָרגעקומענ פונקט אפ אזא אופנ: די גאנצע רוסישע געשיכטע שטעלט מיט זיכ פאָר א קייט פונ אומופהערלעכע קאמפנ מיט פארשיידענע וואנדערנדיקע פעלקער, א קאמפ, וואָס האָט געפאָדערט די אָנשטרענגונג פונ אלע קויכעס פונעמ לאנד. דערדאָזיקער קאמפ, אינ וועלכנ עס האָט אָנטייל גענומענ דאָס גאנצע לאנד, האָט מיטגעהאָלפנ דעמ פּראָצעס פונ קאָנסאָלידירנ אלע געזעלשאפט־לעכע קלאסנ. אדאנק דעמ איז פאָרגעקומענ אנ אייגנארטיקע ארבעט־פארטיילונג צווישנ פארשיידענע געזעלשאפטלעכע קלאסנ. פּלעכאנאָוו דריקט דאָס אויס אינ אזא פאָרמולע: „דער קייסער קיניגט—אונ דער פויער אקערט..."

דער כ' פּאָקראָווסקי האָט גלענצנדיק דערוויזנ, וויאזוי דידאָזיקע היסטאָרישע „אידיליע" פונ פּלעכאנאָוונ האָט אימ, אונ אלע מענשעוויקעס, געדינט אלס מעטאָדאָלאָגישע באזע פאר זייער נאציאָנאל־שאָוויניסטישער אונ באשיצלערישער פּראקטיק [1].

דער „היסטאָריקער" טראָצקי נעמט אופ דידאָזיקע טעאָריע אינגאנצנ. אונ ניט נאָר וואָס ער נעמט אופ—ער פארברייטערט זי אפילע ביז צומ אויספיר, אז אינ רוסלאנד האָבנ ביכלאל ניט עקזיסטירט קיינ קלאסנ... ווײַל זעט, וויאזוי עס זעט אויס די רוסישע געשיכטע לויט טראָצקענ:

„ווי גרויס איז דער אונטערשייד פונ די קולטורעלע טיפּנ (צווישנ רוסלאנד אונ מײַרעוו־אייראָפּע—ל. צ.), אויב מע זאָל דאָס נאָכפאָלגנ אפ דער געשיכטע פונ די שטעט. די מיטלאלטערלעכע שטאָט פונ אייראָפּע איז געווענ דאָס שטיינערנע וויגעלע פונעמ דריטנ שטאנד. דאָרטנ איז צוגעגרייט געוואָרנ די נײַע עפּאָכע. אינ די צעכנ גילדיעס, מוניציפּאליטעטנ, אוניווערסיטעטנ מיט זייערע פארזאמלונגענ, וואלנ, פּראָ־צעסיעס, פײַערונגענ, דיספּוטנ האָבנ זיכ געשאפנ די ווערטפולע געוווינהײַטנ פונ זעלבסטפארוואלטונג אונ עס איז אויסגעוואקסנ די מענטשלעכע פּערזענלעכקײַט. פארשטייט זיכ, בורזשואזע, אָבער פּערזענלעכקײַט, אונ ניט די „מאָרדע", אפ וועלכע יעדער „בודאָטשניק" האָט געקאָנט מאָלנ ארבעס... ווענ דעמ דריטנ שטאנד איז ענג געוואָרנ אינ די אלטע קאָרפּאָראציעס, איז אימ גענוג געווענ, ער זאָל איבערטראָגנ די נײַ־אנטשטייענדיקע סאָציאלע באציִונגענ אפ דער מעלוכע אינגאנצנ. אונ אונד־זערע—ניט נאָר די „מיטלאלטערלעכע", נאָר אפילע די שטעט פונ פאר דער רעפאָרמע?—דאָס זײַנענ ניט קײַנ האנטווערקעריש—האנדל־צענטערנ, נאָר עפּעס מילי־טעריש־אדעליקע אָנוווקסנ אפנ קערפּער פונ דעמ אלרוסישנ דאָרפ. זייער ראָלע איז א פּאראזיטישע. פּריצימ, באדינער, סאָלדאטנ, טשינאָווניקעס..." („Об интеллигенции" ז. 284) [2].

---

[1] זע М. Н. Покровский, Борьба классов и русская историческая литература

[2] די אונ די ווײַטערדיקע ציטאטעס זײַנענ גענומענ פונ טראָצקיס זאמלונג Литература и революция אויסגאבע פונ 1924 י.

א קלאָרער בילד: אינ מײַרעוו־אייראָפּע—גרויסע אינדוסטריעלע האנדל־צענטרען, בא אונדז—מיליטערישע יישווים, אפ מײַרעוו—באוווסטזיניקע פאָלק־מאסנ, בא אונדז—„מאָרדעס" א.א.וו. ווער־זשע, אויב אזוי, באוועגט דעמ היסטאָרישנ פּראָצעס? ווער איז זײַנ פערמענט?—אָט ווער:

„די רוסישע אינטעליגענצ האָט געשאפנ די געשיכטע צווישנ זיכ..." (ז. 324 „Судьба толстого журнала",)

און אנדערש, אייגנטלעכ, האָט דאָס, לויט טראָצקינ, ניט געקאָנט זײַנ, ווײַל „דער מוילוואָרפ פונ די אונטערערדישע געזעלשאפטלעכע פּראָצעסנ האָט געארבעט גוואלדיק לאנגזאמ" (דאָרט); ווײַל נאָר „אינ 1905—1906 זײַנענ אפ דער היסטאָרישער סצענע ארויס געטראָטנ סאָציאַלע קערפערשאפטנ—קלאסנ מיט זייערע אינטערעסנ און פאָדערונגענ" (דאָרט) ווײַל נאָר דאנ, ווי עס פארזיכערט טראָצקי, „איז מיט אונדזער קאראטאיעווטשינע, מיט ער געשיכטלאָזיקײַט פארענדיקט געוואָרנ אפ שטענדיק"... „Об интелигенции", ד. 295).

אָט אזוי קלינגט דער „קלאסישער", אינ זײַנ ארט, ענטפער אפ אלע „פארשאָלטענע פראגעס" פונ דער געשיכטע: ניטאָ ניט קיינ קלאסנ און ניט קיינ קלאסנ־קאמפ—אלצ איז „איינפאכ"—אלעמענ האָט „פארביטנ" די אינטעליגענצ... בעסער אָדער ערגער, נאָר זי טאקע אליינ, די אינטעליגענצ, האָט ביז 1905 געשטויסנ דעמ היסטאָרישנ פּראָצעס... נאָכ מער: טראָצקי באהויפטעט, אז דאָס איז געוואָרנ די מיסיע פונ דער רוסישער אינטעליגענצ אינ פארלויפ פונ דער גאנצער רוסישער געשיכטע: „דאָס פארבײַטנ פונ די ניט עקזיסטירנדיקע (!?!—ל. צ.) אָדער שוואכ עקזיסטירנדיקע קלאסנ, וואָס האָט מאסקירט די סאָציאַלע שוואכקײַט פונ דער אינטעליגענצ, ווערט איר אידייאישע נויטווענדיקײַט און צוגלײַכ דערמיט פּאָליטישע פּראָפעסיע. לעכאטכילע פארבײַט די אריסטאָקראטישע אינטעליגענצ דעמ „האמויני", דערנאָכ פארבײַט דער פּאָלקיסט—„ראזנאָטשינעצ" דאָס פויערטום; שפּעטער—דער אינטעליגענט־מארקסיסט דעמ פּראָלעטאריאט"...

וואָס שטעלט אָבער מיט זיכ פאָר דידאָזיקע „מעסיאַנישע", לויט טראָצקיס אויסדרוק אינטעליגענצ? וועלכע קלאסנ דינט זי איצט נאָכנ 1905־טנ יאָר? (און איצטער האָט דאָכ שוינ טראָצקי אליינ „דערלויבט" פארשיידענע קלאסנ ארויסטרעטנ אפ דער היסטאָרישער ארענע...). הייבסטו אָנ צו זוכנ בא טראָצקינ אנ ענטפער אפ די אלע פראגעס, און דו דערפילסט גלײַכ, וואָס עס הייסט הונדערט־פּראָצענטיקער עקלעקטיזמ. עס איז דאָכ בעעמעס וווּנדערבאר, ווי „ברייט", ווי „פרײַ" טראָצקי פארייניקט צוויי דיאמעטראל־קעגנזעצלעכע געדאנקענ! מיר נעמענ טאקע דיזעלבע פראגע וועגנ דער אינטעליגענצ—באקומענ מיר אזא בילד: אומעטומ ווערט די אינטעליגענצ בא טראָצקינ ארויסגעשטעלט אלס אזא געזעלשאפטלעכער קויעכ, וואָס שטייט איבער פארשיידענע קלאסנ [1], וואָס דיקטירט אפילע איר ווילנ אלע קלאסנ, און מיטאמאָל „פארגעסט" טראָצקי אלע זײַנע אייגענע באהויפטונגענ וועגנ דער אלמעכטיקײַט פונ דער אינטעליגענצ און הייבט אָנ ליבלעכ צו איראָניזירנ מעקויעכ דעמ, וואָס „קיינמאָל איז זי (די אינטעליגענצ—ל. צ.) ניט דערגאנגענ צו אזא זעלבסטפארליבטקײַט און פּרעטענציעזקײַט ווי איצט, אז זי מאָלט זיכ אויס איר אייגענע

[1] „אונדזער אלטע, קלאסנלאָזע, מעסיאַניסטישע אינטעליגענצ,—אזוי שרײַבט טראָצקי בוכשטעבלעכ אינ 1912 י. אינ זײַנ ארטיקל „Об интелигенции"

ראָלע אפ אזא מין אויפן: „...די רעליגיע—דאָס בין איך, די קולטור—דאָס בין איך. די פארגאנגענהייט, דער הײַנט און צוקונפט—דאָס בין איך א.א.וו. א.א.וו. (ז. 228 „Об интели-генции“)

און ניט נאָר, וואָס ער איראָניזירט—טראָצקי פאלט אפילע שארפ אָן אפ די טרעגער פון אזעלכע אָנשויונגען, אשטייגער, אפ איוואנאָוו-ראַזומניקן, און די גאנצע שולד פונעם לעצטן באשטייט אין דעם, וואָס ער אנטוויקלט פונקט דיזעלבע טעאָריעס, וואָס ל. טראָצקי...

צו וואָס פירן פאָליטיש דידאָזיקע אלע טעאָריעס וועגן דער אינטעליגענץ? — טראָצקי, ווי מיר זען, האלט זיך אײַזנפעסט בא דער מיינונג, אז די אינטעליגענץ איז ניט פארבונדן און איז ניט אָפּהענגיק פון א וועלכן עס איז קלאס, איז אפ וויפל די אינטעליגענץ איז די מאָנאָפּאָליסטן פון דער וויסנשאפט און קונסט—קען מען בכלל ניט רײדן וועגן וועלכע עס איז קלאסן-ווירקונגען און קלאסן-באדינגטקײַט אפ דידאָזיקע געביטן. ווען מע זאָל טראָצקען מאכן א דערווידערונג, אז אזא קאָנצעפּציע האָט אפילע ניט קיין רעמז פון מארקסיזם, וואָלט ער אפ יעדער איינער פון דידאָזיקע דערווידערונגען ענטפערן אפ אזא מין אויפן: עמעס טאקע, אז די אינטעליגענץ דינט דעם קאפיטאליסט און ניט פארקערט, אָבער די אינטעליגענץ דינט דער בורזשואזיע „צוליב א שטיקל ברויט“ און אין אלע איבעריקע הינזיכטן איז זי פולקאָם זעלבשטענדיק, אפ אזויפיל זעלבשטענדיק, אז זי דערלויבט זיך אפילע דעם לוקסוס צו פאראכטן די בורזשואזיע:

„... עס איז נאָך ניט דורך קיין הונדערט יאָר, — דערציילט ער, — און די בורזשואזיע האָט זיך ארויסגעוויזן אין דערזעלבער לאגע אין באצוג צו דער קונסט ווי זי זעלבסט האָט אמאָל אוועקגעשטעלט די אריסטאָקראטיע. אין משך פון א לאנגן פעריאָד איז איר היסטאָרישע עקזיסטענץ אפ אזויפיל אויסגעליידיקט געוואָרן, אז די קונסט האָט פון איצטער אָן געקאָנט איר דינען בלויז פאראכטנדיק זי. פון דען איז זי גליקלעכער פונעם אדלטום. איר היסטאָרישער אנטאגאָניסט איז געוואָרן אזא קלאס, וואָס פארמאָגט ניט די געהעריקע פרײַע צײַט, קעדיי ארײַנצופירן די קונסט אין זײַן אומגאנג, און די נייטיקע מיטלען, קעדיי צו באפרײַען די קינסטלער פון איר מאכט. זי האָט זי אײַנגעהיט פאר זיך... זיי דינען איר, בלויז פאראכטנדיק זי“... (ז. 343 „Симплициссимус“).

נו, און די בורזשואזיע „אלס אזעלכע“: צי האָט זי ניט טאקע אירע אייגענע אידעאָלאָגן, וואָס זאָלן אָפּשפיגלען אירע אינטערעסן אפ אן עמעסן און ניט נאָר פאראכטנדיק זי?—ניין,—ענטפערט טראָצקי. אָבער אויב דידאָזיקע אינטעליגענץ, פרעגן מיר ווײַטער, פאראכטעט די בורזשואזיע, אויב זי דינט איר נאָר פאר א שטיקל ברויט, און האָט זי אינדערעמעסן פײַנט טאכלעס-סינע—איז ווען אכטעט זי יאָ, און וועמען האָט זי ליב? עפשער דעם פראָלעטאריאט?—דאָס אויך ניט,—זאָגט טראָצקי. די אינטעליגענץ קאָן מיטן פראָלעטאריאט אויך ניט גיין,—זי איז אינגאנצן אָביעקטיוו...

אומגליקלעכע, נעבעכדיקע בורזשואזיע, וואָס האָט ניט קיין אייגענע אידעאָלאָגן! גליקלעכע, וווּנדערבארע אינטעליגענץ, וואָס פארמאָגט די פייִקײַט צו פארבלײַבן אומפארטעיִש אינעם גרויסן געשיכטלעכן קאמף פון קלאסן!... אָט אזא איז די לאגע פון דער אינטעליגענץ אין דער קלאסן-געזעלשאפט—לויט טראָצקין...

ווי בײַסיק לענינ האָט נאָכ אינ 1905 י. אויסגעלאכט אינ זײַנ ארטיקל „וועגנ דער פארטײיִשער ליטעראטור" יענע אינטעליגענטישע „אויבערמענטשנ", יענע „אָביעקטיוויסטנ", וואָס מיינענ, אז זיי קענענ זיכ אויסזוכנ א שטילנ, רויִקנ ווינקעלע אינעמ פארשארפטנ קלאסנ־קאמפ, ווי גלענצנד ער האָט אופגעוויזנ, אז יעדער ליטעראטער איז פ א ר ט ײ יִ ש אפילע דאנ, ווענ ער מיינט, אז ער איז אבסאָליוט אומפארטײיִש!

לויט דעמ „מארקסיסט" טראָצקינ באקומט זיכ, אז די ליטעראטור אונ קונסט איז שטענדיק אונ אלעמאָל א פראָדוקט פונ א צווישנפלאניטארער סאָציִאלער גרופירונג, וואָס הייסט „אינטעליגענצ"...

---

טראָצקיס שטעלונג אינ דער פראגע וועגנ מיטלויפעריַ אינ דער ליטעראטוּר, זײַנ באַציִונג צו דער פראָבלעמ פונ יערושע א.א.וו. דרינגענ ארויס פונ זײַנע טעאָריעס וועגנ דער אינטעליגענצ.

וואָס איז דער קווינטעסענצ פונ אלע זײַנע טעאָריעס וועגנ דער אינטעליגענצ?—אז די אינטעליגענצ איז א באזונדערער געזעלשאפטלעכער קלאס. בא דעמדאָזיקנ שטאנדפונקט האלט ער זיכ אפילע נאָכ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. אָט וויִאזוי ער זעט אינ דעמ שײַנ אונדזערע רעפובליק: „אונדזער רעפובליק איז א פארבאנד פונ ארבעטער, פויערימ אונ קליינבירגערלעכער, לויט איר אָפשטאמונג, אינטעליגענצ" (ז. 168, „Партийная политика в искусстве").

די אינטעליגענצ,—זאָגט טראָצקי,—איז אָבער א קלאס, וואָס פארנעמט א מ י ט ל א ג ע, אונ דערפונ נעמענ זיכ אירע אייביקע וואקלענישנ אונ דעריבער קענענ מיר זיכ ניט צו איר באציִענ מיטנ גאנצנ צוטרוי. אונ נאָכ א מאָטיוו שטעלט טראָצקי דערבײַ ארויס: וואקלענדיק זיכ צווישנ פארשיידענע קלאסנ, איז דער אינטעליגענט דאָכ נעענטער צומ פויערטומ, איידער צומ ארבעטער־קלאס. אונ דאָס איז שוינ, פארשטייט זיכ, לויט טראָצקינ געננג, אז מיר זאָלנ דעמ אינטעליגענט ניט אָנטרויענ אינ דער קלענסטער מאָס. „די מערהײַט מיטלויפער, — זאָגט ער, — געהערט צו דער אינטעליגענצ, וואָס מאכט זיכ פויעריש. אָבער די אינטעליגענטישע אופאסונג פונ דער רעוואָליוציע, וואָס שפארט זיכ אָנ אפנ פויער, קומט ניט אויס אָנ מעשוגאעסנ („без юродства не живет"), דעריבער זײַנענ די מיטלויפער ניט קיינ רעוואָליוציִאָנערנ, נאָר זיי מאכנ זיכ צומ נאר אינ דער רעוואָליוציע. ס'איז ביז גאָר ניט קלאָר, מיט וואָס, אייגנטלעכ, מאכנ זיי שאָלעמ אינ איר—צי דערמיט, וואָס די רעוואָליוציע איז דער אויסגאנג־פונקט פונ אנ אקשאָנעסדיקער באוועגונג פאָרויס, אָדער דערמיט, וואָס זי האָט אונדז אינ אייניקע היִנזיכטנ אָפגערוקט אפ צוריק: ווײַל עס זײַנענ פאראנ פאקטנ פונ די ביידע קאטעגאָריעס" („Литературные попутчики революции", ז. 69). די קונסט, וואָס דידאָזיקע אינטעליגענצ שאפט, רופט בא טראָצקינ אויכ ארויס א כשאד. א כשאד דערפאר, ווײַל „אונדזער קונסט—דאָס איז דער אינטעליגענט, וואָס וואקלט זיכ צווישנ פויער אונ פראָלעטאריער, וואָס איז אָרגאניש ניט פײיִק צונויפגיסנ זיכ ניט מיט דעמ אונ ניט מיט יענעמ, נאָר וועלכער ציט, אדאנק זײַנ צווישנלאגע אונ פארבינדונגענ, צומ פויער: ווערנ א פויער קענ ער ניט, נאָר ער קענ זיכ מאכנ פויעריש" (פאָרוואָרט צו זײַנ בוכ, ז. 8).

וויבאלד עס שמעקט נאָר מיט פויער איז שוינ גענוג, אז טראָצקי זאָל ווארפנ א כשאד אפ דער גאנצער נאָכ־אָקטיאבערישער ליטעראטור. ד י ג א נ צ ע נאָכ־אָקטיאבערישע ליטע־

ראטור ווערט געשטעלט אונטער איינ גרויסנ פראגע־צייכנ אינ זינ פונ קענענ און וועלנ אופנעמענ די רעוואָליוציע. די גאנצע ליטעראטור קרענקט, לויט טראָצקינ, אפ צע־צווייטקײַט און צווײדײַטיקײַט [1]). בעעמעס: „דער אונטערבאָדנ פונ אונדזער ליטעראטור איז א פויערישער, אָבער אָנ דעם ארבעטער־פירער איז ניטאָ קיינ רעוואָליוציע. דערפונ נעמט זיכ דער גרונט־קעגנזאצ אינעם עצעם צוגאנג צו דער טעמע (ד. ה. צו דער טעמע וועגנ דער רעוואָליוציע—ל. צ.). מע קענ אפילע זאָגנ, אז די פּאָעטנ און שרײַבער פונ די איצטיקע שארפע איבערברוכ־יאָרנ שיידנ זיכ מערסטנ אונטער איינע פונ די אנדערע דערמיט, וויאַזוי זיי שלאָגנ זיכ ארויס פונ דעמדאָזיקנ קעגנזאצ און מיט וואָס זיי פארפילנ זייערע דורכפאלנ: איינער מיט מיסטיק, דער אנדערער—מיט ראָמאנטיק, דער דריטער—מיט פּאָרזיכטיקנ ארויסדרייענ זיכ, דער פערטער—מיט אלצ פארטומלענדיקע געשרייענ־(פּאָרעדע, זײַט 9).

און דאָ הייבט זיכ אָנ דער גאנצער שיידים־טאנצ, וואָס טראָצקי האָט געשאפנ ארומ דערדאָזיקער טעאָריע—א טעאָריע, וואָס האָט פארפירט ניט איינעמ, אפילע פונ טראָצקיס קעגנער אינ אלע איבעריקע פראגעס.

וואָס איז אזוינס א מיטלויפער לויט טראָצקיס פאָרמולירונג?—דאָס איז אזא שרײַבער, וואָס קענ אינ יעדער מינוט און פונ יעדער סטאנציע דעזערטירנ. אינ א מער אנטוויקלטנ אויסזענ און מיט א ברייטערער ארגומענטאציע זעט אויס דערדאָזיקער טעזיס אזוי:

„זיי אלע (די קליינבירגערלעכע אינטעליגענטנ—ל. צ.) פארמאָגנ איינ אלגעמיינעמ שטריכ, וואָס טיילט זיי שארפ אָפּ פונ קאָמוניזמ און דראָט שטענדיק זיכ קעגנשטעלנ אימ. זיי כאפנ ניט ארומ די רעוואָליוציע אינעמ גאנצנ און עס זײַנענ זיי פרעמד אירע קאָמוניסטישע צילנ. זיי זײַנענ אלע, מער אָדער ווייניקער, גענויגט מיט האָפענונג צו קוקנ איבערנ קאָפּ פונ ארבעטער אפנ פויער. זיי זײַנענ ניט די קינסט־לער פונ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע, נאָר אירע קינסטלערישע מיטלויפער, אינ דעמ זינ, אינ וועלכנ דאָסדאָזיקע וואָרט פלעגט געברויכט ווערנ דורכ דער אלטער סאָציאַל־דעמאָקראטיע. אויב די אויסער־אָקטיאבערישע (אינ טאָכ—קעגנ־אָקטיאבערישע) ליטעראטור איז די אָפּשטארבנדיקע ליטעראטור פונ דעמ בורזשואז־פריצישנ רוסלאנד, איז די ליטערארישע שאפונג פונ די מיטלויפער א מינ נײַער ס אָ וו ע ט י ש ע ר פ אָ ל ק י ז מ (אונטערגעשטראָכנ פונ טראָצקינ—ל. צ.), אָנ די טרא־דיציעס פונעמ אלטנ פאָלקיזמ און—דערווײַל—אָנ פּאָליטישע פערספּעקטיוונ. אינ באצוג צו די מיטלויפער שווימט ארויס שטענדיק די פראגע: ביז וועלכער סטאנציע? (ז. 45 ,„Литературные попутчики революции“).

דאָ האָבנ מיר נאָכאמאָל דאָס „אלגעמיינע“, מיט וועלכנ טראָצקי טראָגט זיכ אזוי ארומ: אָנשטאָט א גענויעמ אנאליז פונ באזונדערע טיילנ פונ דער אינטעליגענצ, וועלכע אָריענטירנ זיכ אפ פארשיידענע קלאסנ—אופגעשלײַדערט אלצ און אלעמענ אינ איינ קופּע. דידאָזיקע „אוראוונילאָווקע“ איז באזונדערש שעדלעכ געווענ (און איז נאָכ שעדלעכ אויכ איצט—לאָמיר זיכ דערמאָנענ די בארימטע טעאָריע וועגנ „מיטלויפער אָדער פארבינדעטע“,

[1]) און גראָד דערדאָזיקער געדאנק, וואָס ווארפט א שאָטנ אפ דער גאנצער אינטעליגענצ, וועלכע איז, קלוימערשט, א באשטאנד־טייל פונ פויערטומ, געפעלט דעמ טראָצקיס גאָרבאטשאָוונ. זע זײַנ רעצענזיע אפ טראָצקיס ארטיקלענ וועגנ ליטעראטור אינ זײַנ בוכ: ז. 161 „Два года культурной революции“

וועלכע האָט ביז ניט לאַנג ארומגעשפּאַצירט בא אונדז אין דער ליטעראַטור), וואָס דער אומצוטרוי צו באַזונדערע טיילן פון דער אינטעליגענץ, צו איר בורזשואַזן פליגל, איז פאַרברייטערט געוואָרן אַפ דער גאַנצער אינטעליגענץ.

דערבײַ איז אויך דאָ ניט אויסגעמיטן אַ היסטאָרישע פעלשונג. טראָצקי וויל מאַכן דעם אָנשטעל, אַז ער טראַקטירט די פּראָבלעם פון מיטלויפערײַ פּונקט אַזוי, ווי זי איז טראַקטירט געוואָרן דורך „דער אַלטער סאָציִאַל־דעמאָקראַטיע“. אָבער אויב מיר זאָלן אונטער דעמדאָזיקן טערמין פאַרשטיין דעם אָרטאָדאָקסאַלן רעוואָליוציאָנערן פליגל פון דער סאָציִאַל־דעמאָקראַטיע,—דעם באָלשעוויזם,—וועלן מיר זען, ווי ווײַט טראָצקי פאַרקריפּלט דידאָזיקע פּראָבלעם. עס איז צוליב דעם מער ניט גענוג צו ברענגען אייניקע אַרויס־זאָגונגען פון לענינען וועגן דערדאָזיקער פראַגע.

לענין גיט אָפּ דער פראַגע וועגן אינטעליגענץ פיל אופמערקזאַמקײַט און זאָגט זיך וועגן דעם אַרויס אין פאַרשיידענע פאַרבינדונגען: אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פראַגע פון סטיכיייִשקײַט און באַוווסטזיניקײַט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג; אין קאָנטעקסט פון דער פּראָבלעם וועגן יערושע; וועגן דער ראָלע פונעם פּראָלעטאַריאַט באַם אָנפירן מיט די ברייטסטע שיכטן פונעם קליינבירגערטום א.א.וו. אין דעמדאָזיקן אַרטיקל האָבן מיר ניט די מעגלעכקײַט פאַנאַנדערוויקלען אין דער גאַנצער ברייט די פּראָבלעם וועגן דער אינטע־ליגענץ, וויִאַזוי לענין שטעלט זי, אָבער אַ קורצע היסטאָרישע ספּראַווקע וועט אונדז איבערצײַגן ווי דיִאַמעטראַל־קעגנזעצלעך צו טראָצקין זי ווערט געשטעלט און געלייזט דורך לענינען.

ווי, אַשטייגער, שטעלט לענין די פראַגע וועגן דער אינטעליגענץ בײַם זײַן קאַמף מיט די עקאָנאָמיסטן, אָט מיט יענע וווּלגאַרע „מאַרקסיסטן“, וואָס האָבן אין דערדאָזיקער פראַגע פאַרנומען אַ „לינקע“ פּאָזיציע. לענין פאַרבינדט דאָ די פראַגע וועגן דער אינטע־ליגענץ מיט דער פראַגע וועגן באַהערשן די גאַנצע קולטור, וואָס די מענטשהײַט האָט אויסגעאַרבעט. ריידנדיק אין „Что делать“ וועגן יענע גראַנדיִעזע אופגאַבעס, וועלכע עס שטייען פאַרן רוסישן פּראָלעטאַריאַט אַלס העגעמאָן אין דער רעוואָליוציע, רוקט ער אַרויס, צוגלײַך מיט אַ ריי אַנדערע פּאָליטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע אופגאַבעס, אויך די פּראָבלעם פון באַהערשן די טעאָריע. ווײַל „... די ראָלע פון אַ פאָרגעשריטענעם קעמפער קען אויספילן די פּאַרטיי, וואָס ווערט אָנגעפירט דורך אַ פאָרגעשריטענער טעאָריע“ (באַנד 4, ז. 380, אונטערגעשטראָכן דורך לענינען). און קעדיי זיך פאָרשטעלן, וואָס דאָס הייסט, רעקאָמענדירט לענין צו דערמאָנען זיך „וועגן די פאָרגייער פון דער רוסישער סאָציִאַל־דעמאָקראַטיע, ווי גערצען, בעלינסקי, טשערני־שעווסקי און די גלענצנדע פּלעיאַדע רעוואָליוציאָנערן פון די 70־קער יאָרן“ (ז. 381). דערבײַ שטיצט זיך לענין אַפ ענגעלסן, וועלכער „אַנערקענט ניט צוויי פאָרמעס פון גרויסן קאַמף פון דער סאָציִאַל־דעמאָקראַטיע (פּאָליטישער און עקאָנאָמישער),—ווי דאָס איז בא אונדז אָנגענומען, נאָר דרײַ, שטעלנדיק צוגלײַך מיט זיי אויך דעם טעאָרעטישן קאַמף“ (ז. 381). לענין ברענגט אַ גרעסערן אויסצוג פון ענגעלסעס בראָשור „די פּויערים־מילכאָמע אין דײַטשלאַנד“, ווו ענגעלס אַנטוויקלט דעם געדאַנק, אַז דער דײַטשישער פּראָלעטאַריאַט האָט אַ גאַנצע ריי פאָרצוגן אין פאַרגלײַך מיט אַנדערע, אַדאַנק זײַן אינטערעס צו טעאָרעטישע פראַגעס. ער אונטערשטרײַכט יענעם אָרט, ווו ענגעלס שטעלט שאַרף און קאַטעגאָריש די פראַגע וועגן יערושע און זאָגט, „אַז אָן דער פאָרגייענדיקער דײַטשישער פילאָסאָפיע און באַזונדערס די פילאָסאָפיע פון העגעלן, וואָלט

קיינמאָל ניט אנטשטאַנען דער דײַטשישער וויסנשאַפטלעכער סאָציִאַליזם—דער איינציקער וויסנשאַפטלעכער סאָציִאַליזם, וואָס האָט ווען עס איז עקזיסטירט".

אָט דאָס אַלץ האָט לעניִן גענומען אַלס אויסגאַנג־פּונקט באַם שטעלן די פראַגע וועגן סטיכיישקײַט און באַוווּסטזיניקײַט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. לעניִן, פאַרשטייט זיך, וואַרפט אָפּ דעם מאָמענט פון סטיכיישקײַט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג אַלס דאָמינירנדיקע, ער לייקנט אָבער צוגלײַך מיט דעם אויך ניט אָפּ דעמדאָזיקן פאַקטער, נאָר ער פאַרייניקט דיִאַלעקטיש „די סטיכייִשע אויפוואַכונג צו אַ באַוווּסטזיניקן לעבן און באַוווּסטזיניקן קאַמפּ־אָנווייזנהײַט פון אַ באַוואָפנטער מיט דער סאָציִאַל־דעמאָקראַטישער טעאָריע רעוואָלוציִאָנערער יוגנט, וואָס האָט זיך געריסן צו די אַרבעטער" (ז. 384).

פאַר לעניִנען איז, פאַרשטייט זיך, קלאָר די גרונט־טענדענץ פון דער געשיכטע צום קאָמוניזם, און, אַז נאָר דער פּראָלעטאַריאַט איז באַרופן צו אַ קער טאָן די געשיכטע, צו פאַרניכטן קלאַסן און שאַפן אַ קלאַסנלאָזע געזעלשאַפט, אָבער ער שטרײַכט אַלעמאָל אונטער, אַז פאַרלאָזן זיך אָפּ סטיכייע טאָר מען ניט. לעניִן זאָגט, אַז די רעוואָלוציִאָנערע ענערגיע, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט האָט אַקומולירט אין זיך, נייטיקט זיך נאָך אין אַ שטויס פון אויסן—פון דער רעוואָלוציִאָנערער טעאָריע, וואָס די בעסטע פאָרשטייער פון דער מענטשהײַט האָבן אויסגעאַרבעט. און דאָ שטעלט זיך לעניִן אָפּ אָפּ דער ראָל פון דער אינטעליגענץ. לעניִן גיט צו דער פראַגע פון דער אינטעליגענץ אַ העכסט וויכטיקע באַדײַטונג. ער האַלט זי אַלס יענעם עלעמענט, וואָס האָט אָפּ אַ באַשטימטן היסטאָרישן עטאַפּ געגעבן אַ ריכטונג דעם כאַראַקטער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג: פון סטיכייִשקײַט, פון טרעדיוניאָניזם—צו באַוווּסטזיניקן פּראָלעטאַרישן קאַמפּ. וואָס מער עס וועט אַרײַנגעטראָגן ווערן אין דער אַרבעטער־באַוועגונג דער עלעמענט פון באַוווּסטזײַן, אַלץ זיכערער וועלן מיר זײַן, אַז דער פּראָלעטאַריאַט ווערט געפירט אויפן וועג פון פּראָלעטאַרישער, סאָציִאַליסטישער פּאָליטיק.

ווען די „עקאָנאָמיסטן" זײַנען אָנגעפאַלן אָפּ די „איסקראָווצעס", פאַרוואָס זיי האָבן ניט קיין געדולד צו וואַרטן ביז וואַנען דער אַרבעטער־קלאַס וועט אָנקלײַבן קויכעס, קעדיי אָנצוגרײַפן, און אָנשטאָט דעם „זוכן זיי פאַרבינדעטע אין די רייען פון די ליבעראַלן און אינטעליגענץ—האָט לעניִן אָפּ דעם געענטפערט: „יאָ, מיר האָבן טאַקע פאַרלאָרן דעם געדילד צו וואַרטן ביז וואַנען די עקאָנאָמיסטן וועלן אויפהערן אַרופצוּוואַרפן זייער אייגענע אָפּגעשטאַנענקײַט, זייער אייגענע שוואַכקײַט אָפּ די אַרבעטער. מיר ענטפערן די עקאָנאָמיסטן: מיר דאַרפן אויסנוצן אַלע קויכעס אינעם קאַמפּ קעגן דער זעלבסטהערשונג, און צי איז ניט קלאָר, אַז טאַקע צוליב דערדאָזיקער אַרבעט (אונטערגעשטראָכן דורך לעניִנען—ל. צ.) זײַנען אונדז נייטיק פאַרבינדעטע אין די רייען פון דער אינטעליגענץ, וואָס זײַנען גרייט צוזאַמען מיט אונדז אויפדעקן דעם פּאָליטישן אָנגריף אָפּ די „זעמצעס", לערער, סטאַטיסטיקער, סטודענטן און אַנד.?" (ז. 431).

די עקאָנאָמיסטן האָבן זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן אַזאַ לאַגע: פון איין זײַט, איז די „איסקראַ" קעגן וועלכע ניט איז קאָמפּראָמיסן אינעם פּאָליטישן לעבן, און פון דער אַנדער זײַט, האַלט זי אונטער סטודענטישע שטרײַקן, שטיצט די באַוועגונג פון די „זעמצעס" א.א.וו. זיי האָבן אײַנגעזען אין דעם אַ פאַראַט דער קלאַסן־ליניע. לעניִן האָט אָבער אויפגעדעקט די גאַנצע מעטאַפיזישע שטעלונג פון דער פראַגע, און אָנשטאָט „אָדער—אָדער", רוקט ער אַרויס די אויפגאַבע—„אַקטיוו אַרײַנמישן זיך אין יעדער „ליבעראַלער" פראַגע און באַ־

שטימענ די א ײ ג ע נ ע סאָציִאַל־דעמאָקראַטישע באַציִונג צו דערדאָזיקער פּראַגע" (ז. 431—אונטערגעשטראָכנ פונ לענינען).

אָט אַזאַ איז לענינס שטעלונג צו דער אינטעליגענצ אינ יענעמ פּעריִאָד.

אינ קאַמפּ קעגנ דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעמ אויסנוצנ אַ ל ע ק ו י כ ע ס, וואָס העלפנ מיט דעמדאָזיקנ קאַמפּ. די קליינבירגערלעכע אינטעליגענצ אַלס איינער פונ די אומצופרידענע עלעמענטנ מיט דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעמ, קענ מענ און מע דאַרפ אויסנוצנ אינ דעמדאָזיקנ קאַמפּ, אָבער דער פּראָלעטאַריאַט, דער העגעמאָנ אינ דער רעװאָליוציע, באַשטימט זײַנ א י י ג ע נ ע פּראָלעטאַרישע באַציִונג צו אָט־אָ די אַלע עלעמענטנ און צו זייער קאַמפּ.

סאַראַ שאַרפע ווערטער לענינ געפינט וועגנ יענע לינקע, וואָס האָבנ געפרווט אינ אַנ אַנדער היסטאָרישער סיטואַציע און אינ אַנדערע לענדער פּראָפּאַגאַנדירנ דעמ געדאַנק וועגנ ניטדערלאָזבאַרקײַט מיצאַד דעמ פּראָלעטאַריאַט צו באַנוצנ זיכ מיט דער הילפ פונ דער קליינבירגערלעכער אינטעליגענצ און אָפּגעזאָגט זיכ איבערפירנ דידאָזיקע אינטעליגענצ אַפנ צאַד פונ דער רעוואָליוציע. מיר האָבנ דאָ אינ זיבעט לענינס אַרויסזאָגונג וועגנ דערדאָזיקער פּראַגע אינ "Детская болезнь левизны„. לענינ באַווײַזט, וויִאַזוי דער באָלשעוויזמ האָט שטענדיק דיִאַלעקטיש געקענט אויסנוצנ די פאַרשיידענע וואַקלונגענ פונ דער בורזשואַזיע און קליינבירגערטומ, קעדיי אויסנוצנ זיי לעטויוועס דעמ פּראָלעטאַריאַט. לענינ זעט אָבער גלײַכצײַטיק די שוואַכע זײַטנ פונ דידאָזיקע קליינבירגערלעכע שיכטנ, זייערע שטענדיקע וואַקלונגענ "צווישנ דער בורזשואַזיע און פּראָלעטאַריאַט, צווישנ בורזשואַזער דעמאָקראַטיע און סאָוועטנ־אָרדענונג, צווישנ רעפאָרמיזמ און רעאַקציִאָנערישקײַט, צווישנ אַרבעטער־ליבשאַפט ("ראַבאָטשעליוביִע") און מוירע פאַר דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור א.א.וו." (ז. 215)—איז וואָס לייגט לענינ פאָר?—אָפּזאָגנ זיכ פונ דידאָזיקע שיכטנ און פירנ אַ "ריינ"־פּראָלעטאַרישע פּאָליטיק?—אַוואַדע און אַוואַדע ניט. לענינ קוואַליפיצירט אַזאַ פּאָליטיק אַלס ערגסטנ מינ אָפּאָרטוניזמ, וועלכער פוצט זיכ אינ "לינקע" פראַזעס. "די ריכטיקע טאַקטיק פונ די קאָמוניסטנ,—זאָגט לענינ,—דאַרפ באַשטיינ אינ א ו י ס נ ו צ נ (אונטערגעשטראָכנ דורכ לענינענ—ל. צ.) דידאָזיקע וואַקלונגענ און בעשומויפנ ניט איגנאָרירנ זיי; דאָס אויסנוצנ פאָדערט האַנאָכעס יענע עלעמענטנ, דאַנ און אַפּ אַזויפיל, וועג און אַפּ וויפל זיי קערנ זיכ צומ פּראָלעטאַריאַט—צוגלײַכ מיטנ קאַמפּ קעגנ יענע, וועלכע קערנ זיכ צו דער בורזשואַזיע" (דאָרט).

אָט אינ די אַלע אַרויסזאָגונגענ האָבנ מיר דעמ שליסל צו אַלע פּראָבלעמעס, וואָס זײַנענ שײַעכ דער פּראָבלעמ פונ מיטלויפערײַ אינ דער ליטעראַטור:

1) מיר האָבנ דאָ אַ קלאָרע פּראָגראַמ, וואָס איז געווענדעט קעגנ יענע שעפער פונ "פאַרקישעפטע קרײַזנ", וועלכע שנײַדנ אָפּ דעמ וועג פאַר פאָרשטייער פונ איינ קלאַס איבערגיינ אַפּ די רעלסנ פונ אַנ אַנדער קלאַס; 2) מיר האָבנ דאָ אַ שאַרפנ געווער, וואָס איז געווענדעט קעגנ יענע לינקאַטשעס, וועלכע האָבנ פאַרעכנט אַלע מיטלויפער פאַר קאָנטר־רעוואָליוציִאָנערנ; 3) מיר האָבנ, אַמ ענדע, אַ שאַרפ געווער קעגנ טראָצקענ און אַלע טראָצקיסטנ, וועלכע זײַנענ אינ קעגנזאַצ צו לענינס שטעלונג וועגנ א ו י ס נ ו צ נ דידאָזיקע עלעמענטנ לעטויוועס דער רעוואָליוציע, ניט אָפּלאָזנדיק קיינ איינ האָר פונ דער פּראָלעטאַרישער אידעאָלאָגיע, געפאַלנ "קוירימ" פאַר די "טרעגער פונ דער מענטשלעכער קולטור" און אינגאַנצנ קאַפּיטולירט אינ דער פראַגע פונ דער פּראָלעטאַרישער קולטור.

אָנשטאָט דערדאָזיקער לעניניִשער שטעלונג קומט טראָצקי אינ באצוג צו די מיטלויפער צו איינ אויספיר: אלע מיטלויפער דערזעענ ניט די רעוואָליוציע, אלע זײַנענ זייער פײַנטלעכ, די בעסטע פונ זיי פאסנ אופ די רעוואָליוציע נאָר סטיכעיִש א.א.וו. א.א.וו.

אָבער אָט וועלכע „מעטאמאָרפאָזעס״ עס קענענ טרעפנ אינ דער געשיכטע: עס וואָלט זיכ דוכטנ, אז נאָכ דעם אלעמענ וואָלט טראָצקי געדארפט שטיינ שטאָל אונ אײַזנ פאר דעם, אז מע זאָל די מיטלויפער ניט דערלאָזנ אפילע צום שוועל פונ דער סאָוועטישער ליטעראטור, אונ אז דער פראָלעטאריאט דארפ זענ, וואָס גיכער שאפנ זײַנע אייגענע שרײַבער אונ אינטעליגענצ ביכלאל. טראָצקיס מעטאָדאָלאָגישער עקלעקטיזמ אונ מענשעוויסטישע ליקווידאטאָרישקײַט ברענגט אימ אָבער צו פארקערטע רעזולטאטנ: די גאנצע ליטעראטור־בויונג מוזנ מיר איבערטרויענ דאפקע דידאָזיקע מיטלויפער... פארוואָס? דערפאר, וואָס „די אומופהערלעכקײַט |פונ דער שעפערישער טראדיציע איז נייטיק אויכ דעם פראָלעטאריאט. ער פארווירקלעכט זי ניט אזוי דירעקט, ווי אומדירעקט, דורכ דער בורזשואזער שעפערישער אינטעליגענצ, וואָס ציט זיכ מער־ווייניקער צו אימ, אָדער וויל זיכ אָנווארעמענ בא זײַנ זײַט אונ וועלכע אינ איר איינ טייל דולדעט ער, דעם אנדערנ—האלט ער אונטער, דעם דריטנ—אדאָפטירט ער האלב (полусыновляет) אונ דעם פערטנ—אס'מילירט ער אינגאנצנ. אָט דורכ דערדאָזיקער קאָמפליצירטקײַט פונ דעם פראָצעס, דורכ זײַנ אינערלעכער רײַפקײַט ווערט באשטימט די פאָליטיק פונ דער פארטיי אינ עביט פונ קונסט״ (ז. 172 ,„Партийная политика“).

צי איז דאָס טאקע אזוי? צי גיט טאקע טראָצקי ריכטיק איבער די מיינונג פונ דער פארטיי אינ דערדאָזיקער פראגע? לאָמיר זיכ צוליב דעם ווענדנ צו אנ אָפיציִעלנ דאָקומענט—צו דער רעזאָליוציע פונ צ.ק. פונ 1924 י. וועגנ ליטעראטור.

די רעזאָליוציע פונ צ.ק. „וועגנ דער פאָליטיק פונ פארטיי אינ געביט פונ קינסטלערישער ליטעראטור״ האָט ארײַנגעטראָגנ אפולע קלאָרקײַטנ אינ אלע שטרײַטנ וועגנ דער סאָוועטישער ליטעראטור אונ האָט אָפגעמערקט די פרינציפּיִעלע ריכט־ליניע אויכ בענעגייע די מיטלויפער. די אופגאבעס, וואָס די רעזאָליוציע מערקט אָנ אינ דעמדאָזיקנ געביט, זײַנענ פאָלגנדיקע: 1) ניט שערנ אלע מיטלויפער מיט איינ שערלע, נאָר אונטערשיידנ די שיכטנ, וואָס זײַנענ נאָענט צום פראָלעטאריאט אונ דער פארטיי, פונ יענע, וואָס ציִענ זיכ צו דער בורזשואזיע; 2) דערפונ מוז שוינ זײַנ א פארשיידענע באציִונג צו די ביידע גרופּעס—אומבעראכמאָנעסדיקער קאמפ מיט די בורזשואזע עלעמענטנ אונ א געדולדיקע דערציִונג־ארבעט צווישנ יענע, וואָס גייענ צום פראָלעטאריאט; 3) אונ דאָס וויכטיקסטע: די פארטיי האָט אָפגעוואָרפנ דעם טעזיס פונ טראָצקינ וועגנ איבערטרויענ—ווײַל דאָס וואָלט הייסנ אזוי גוט, ווי פארייביקנ די קאטעגאָריע מיטלויפער, אָנשטאָט דעם האָט די רעזאָליוציע פארפליכטעט איבערדערציִענ די מיטלויפער אפ די רעלסנ פונ דער פראָלעטארישער אידעאָלאָגיע.

דידאָזיקע רעזאָליוציע דרינגט לאָגיש ארויס פונ דער לעניניִשער גאנצער שטעלונג וועגנ צוזאמענשלוס מיט די ברייטע שיכטנ ארבעטנדיקע: ניט אָפּוואַרפנ גאדלעסדיק די מיטארבעטערשאפט פונ דידאָזיקע ברייטע שיכטנ, נאָר אויסנוצנ זיי אלס פארבינדעטע אינ דער רעוואָליוציע; ניט גיינ אפנ וועג פונ עקיסטישער פרײַער קאָנקורענצ, נאָר שטעלנ אינ צענטער די אָנפירנדיקע ראָלע פונ דער קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיע.

אינ געביט פונ דער ליטעראטור־פאָליטיק האָט עס באדײַט א צעשמעטערנדיקער קלאפ איבער אלע רעכט־אָפּאָרטוניסטישע טעאָריעס אינ דער פראגע וועגנ מיטלויפער (טראָצקי,

בוכארינ) אונ גלײַכצײַטיק קעגנ אלע „לינקע“ (פרײַקע אָנפירונג פונ „נא פאָסטו“), וואָס האָבנ באטראכט דעם גאנצנ מיטלויפערישנ פראָנט אלס אָפצווײַג פונ דעם בורזשואזנ.

וואָס פארא פערספעקטיװנ האָט טראָצקי אָנגעמערקט פאר די גרונט־מאסנ פונ די סאָוועטישע שרײַבער? אינ אלע זײַנע ארויסזאָגונגענ וועגנ קולטור קומט טראָצקי, ווי באוווּסט, נאָר צו איינ אויספיר—אז אינ דער גאנצער מענטשלעכער קולטור איז פאראנ נאָר „איינ מעסיירע“—די בורזשואזע קולטור. וועגנ דעם, אז אינ „יעדער קולטור האָבנ מיר צוויי קולטורנ“ (לענינ), דאָס ווייס ער ניט אונ וויל ניט וויסנ, דעריבער שטעלט ער די פראָבלעם פונ יערושע אפ אזא אויפנ, אז מיר יארשענענ די בורזשואזע קולטור, ווי „זי שטייט אונ גייט“, אונ וויבאלד אזוי, מוז מענ אָנעמענ די בורזשואזע אינטעליגענצ אויכ ווי זי שטייט אונ גייט... פונ אנדער זײַט, שטעלט ער ערגעצ ניט די פראגע וועגנ איבערדערציִענ דעם מיטלויפער, וואָס פארמאָגט נאָכ אָפט קליינבירגערלעכע פאָרורטיילנ, נאָר די גאנצע „אָנפירונג“ פונ דער פארטיי אינ באצוג צו די מיטלויפער דארפ זײַנ, לויט טראָצקינ, אזא:

„אונדזער פאָליטיק אינ דער קונסט פונעם איבערגאנג־פעריִאָד קאָנ אונ מוז זײַנ געווענדעט אפ דעם, אז מע זאָל פארלײַכטערנ פארשיידענע קינסטלערישע גרופי־רונגענ אונ שטרעמונגענ, וואָס האָבנ זיכ געשטעלט אפנ באָדנ פונ דער רעוואָלוציע, אנ עמעסדיקנ פארשטיינ פונ איר געשיכטלעכנ זינ אונ שטעלנדיק איבער זיי אלעמענ איינ קריטערי: פאר דער רעוואָלוציע אָדער קעגנ דער רעוואָלוציע—געבנ זיי אינעם געביט פונ קינסטלערישער זעלבסטבאשטימונג פולקאָמע פרײַהײַט“ (פאָרעדע, ז. 11).

א מוסטער פונ טראָצקיסטישער „דיִאלעקטיק“: אָדער פאר דער רעוואָלוציע אָדער קעגנ דער רעוואָלוציע, אָדער א צענזור, ווי ער שרײַבט אינ איינ אָרט (זע ז. 167), אָדער פולקאָמע פרײַהײַט... פארשטיינ, אז אָנשטאָט א פאָליטיק פונ געשרייענ, אָדער „ליבעראַ־ליזמ“ קענ זײַנ א פאָליטיק פונ דערציִענ, פונ הייבנ דעם באוווּסטזײַנ פונ דעם מיטלויפער אינ דער ריכטונג פונ קאָמוניזמ—דאָס קענ ניט פארשטיינ אונ וועט ניט פארשטיינ דער מענשעוויק טראָצקי.

* * *

יעדער מעטאָדאָלאָגישע סיסטעמ ווערט אויסגעפרווּוט אינ דער היסטאָרישער פראקטיק—אינ דער פראקטיק פונ געזעלשאפטלעכנ לעבנ אונ קלאסנ־קאמפ. נאָר אינ דער געזעל־שאפטלעכער פראקטיק ווערט קלאָר דער גענעזיס אונ פונקציע פונ יעדער מעטאָדאָלאָגיע. וויפל פאקטנ קענענ מיר הײַנט צו טאָג פארצייכענענ, ווענ פיל טעאָריעס, וועלכע האָבנ זיכ געפוצט אינ „מארקסיסטישע“ קליידער, האָבנ זיכ אינ רעאלנ לעבנ ארויסגעוויזנ אפ דורכ אונ דורכ אלס אָפּאָרטוניסטישע אונ קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע! די בעסטע באשטע־טיקונג פונ דעמ איז עפשער דער גורל, וואָס האָט געטראָפנ טראָצקיס מעטאָדאָלאָגישער סיסטעמ איבער די פראגעס פונ ליטעראטור אונ קולטור אונ זײַנ שטעלונג צו דער פראָבלעם פונ מיטלויפערײַ. לאָמיר באטראכטנ נאָר דעם לעצטנ פאקט.

וויפל מי אונ קויכעס האָט טראָצקי אוועקגעפאטערט, קעדיי צו ארויסווײַזנ זײַנ ליבע־ראליזמ אונ טאָלעראנטקײַט צו מיטלויפערײַ! וויפל טינט איז פארגאָסנ געוואָרנ אינ קאמפ קעגנ די אלע, וועלכע „רוידעפנ“ די מיטלויפער, אונ וויפל „זיסע רייד“ איז דערבײַ

אָנגערעדט געוואָרן וועגן „ברייטער בויגעוודיקער פּאָליטיק״ א.א.וו.—און די אייגענע ליטערארישע פּראקטיק?—וואָס האָט זי באוויזן?

— אין דער פּראקטיק איז געווען אָט וואָס: גערעדט וועגן הילף די מיטלויפער—און אָנגעשריבן האָט טראָצקי וועגן אזא שרײַבערן, ווי מאריִעטא שאגיניאן, אזא „טעזיס״:

> „שאגיניאן איז אנטירעוואָליוציאָנער לויט איר סאמע טאָך. איר פּאָליטישער כריסטיאניזם, איר צימערדיקער גלײַכגילט צו אלץ, וואָס איז ניט־צימערדיק,—אָט וואָס עס מאכט איר שאָלעם מיט דער רעוואָליוציע. זי זעצט זיך פּאָשעט איבער מיט איר האנט־באגאזש און פילאָסאָפיש־קינסטלערישער האנט־ארבעט פון איין וואגאָן אין א צווייטן. מעגלעך, און איר אפילע דוכט זיך, אז דורך אזא וועג וועט זי בעסער אײַנהיטן איר אינדיווידואליטעט. אָבער פון דערדאָזיקער אינדיווידואליטעט ציט זיך קיין שום פאָרעם פאָרויס״ („Литературные попутчики революции“, ז. 86)

אזעלכע „פּערספּעקטיוון״ האָט טראָצקי אָנגעמאָלט פאר דערדאָזיקער טאלאנטפולער שרײַבערן—בלײַבן אפ אייביק צוגעבונדן צו איר „צימערדיקעס״ און „האנט־ארבעט״... און וואָס האָט באוויזן שאגיניאן אין איר ווײַטערדיקער ליטערארישער טעטיקײַט? אז מע קען אין די באדינגונגען פון דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט אָפּרײַסן זיך פון „צימערדיקײַט״ און, אפ דער באזע פון א העכערער פּראָלעטארישער אידעאָלאָגיע, אײַנשליסן זיך פעסט אין קאמף פון פּראָלעטאריאט פאר א סאָציִאליסטישער געזעלשאפט.

די דערפארונג, וואָס מיר האָבן פאר דער צײַט פון דער באשטימונג פון צ.ק. פון 23־טן אפּרעל 1932 י. האָט אונדז גלענצנד איבערצײַגט, אז דער בײַשפּיל מיט שאגיניאנען איז ניט קיין איינצלנער: די גרעסטע מערהײַט סאָוועטישע שרײַבער (צווישן זיי אויך די „מיטלויפער״), וואָס איז קאָנסאָלידירט אפ דער באזע פון דערדאָזיקער היסטאָרישער באשטימונג פון דער פּארטיי וועגן ליטעראטור, האָט זיך מיט באגײַסטערונג אײַנגעשלאָסן אין דער פּראקטיק פון דער סאָציִאליסטישער בויונג, אינעם קאמף פון דער פּארטיי קעגן אלערליי קלאסן-סאָנים און בעסויכאָם קעגן קאָנטר־רעוואָליוציאָנערן טראָצקיזם.

כ. דונעצ

# די אלטע סכעמע ווערט צעבראָכנ

(וועגנ ל. קאצאָוויטשעס זאמלונג „הומאָרעסקעס“ וו.מ.פ. 1933 י.)

ל. קאצאָוויטשעס קליינע הומאָריסטישע דערציילונגענ זייַנענ נאָכ א באווייַז אפ דער פארברייטערונג פונ דער זשאנרענ ריי פונ אונדזער ליטעראטור. די רוסישע ליטעראטור ווייס פונ זאָשטשענקעס הומאָריסטישע נאָוועלנ, די ווייַסרוסישע—קראפּיוואס, די אוקראַ־יִנישע—ווישניאַ׳ס. אינ דער ייִדישער ליטעראטור איז זינט נאָכ שאָלעמ־אלייכעמס אונ רייזינס נאָוועלע אינגאנצנ פארפאלנ געוואָרנ דערדאָזיקער זשאנר. די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראטור האָט נאָכ ווייניק אנטוויקלט דעמדאָזיקנ זשאנר. קאצאָוויטשעס ביכעלע באקומט דעריבער א באזונדער אינטערעס.

די סאָוועטישע הומאָריסטישע נאָוועלע שפּייַזט זיכ מיט אנדערע סאָציאַלע קוואלנ ווי די בורזשואזע אונ קליינבירגערלעכע ליטעראטור. טשעכאָווס נאָוועלע איז געווענ דער אויסדרוק פונ די שפּירונגענ אינ א אינטעליגענטישער שיכטונג, וואָס האָט העכסטנס געקענט אויסשפּאָטנ דעמ טשינאָווניק אונ פארגיבנדיק באווייַזנ די נעגאטיווע זייַטנ פונ פארשיידענע דעקלאסירטע, סאָציאַל־עלנטע שיכטנ אונ איינצלנע. רייזינ, דער נאָוועליסט פונ דער ייִדישער קליינבירגערלעכער ליטעראטור, האָט מיט א לייַכטנ שמייכל אָפּגעמאָלט די אָנמעכטיקע אונטערטעניקייַט פונ דעמ האָרעפּאשניק אונ די פארלאָרנקייַט פונ דעמ ארבעטנדיקנ אונ אינטעליגענט אפ מאָרגנ נאָכ דער ערשטער רעוואָליוציע (אמעריקאנישע דערציילונגענ אונ אנד.). רייזינ, ווי טשעכאָוו, האָט מיט גרויס מיטלייד פארגעבנ זייַנע העלדנ די שוואכקייַטנ זייערע, ניט דערפאר, וואָס ער האָט אינ דידאָזיקע שוואכקייַטנ אייַנגעזענ א געזונטנ יאָדער, נאָר פארקערט: ווייַל ער האָט געוואָלט דידאָזיקע ביטערע פיל אייַנוויקלענ אינ א גאָלדענעמ הייַטל.

אונדזער הומאָר האָט גאָר אנ אנדער אינהאלט. ער איז ניט פּרוכטלאָז, ער איז ניט ניהיליסטיש, ער איז ניט פארגעבנדיק. אונדזער הומאָר איז אקטיוו קלאסנ־אָנגעצילט. אונדזער הומאָר שטעלט ניט אייַנ קיינ שאָלעמ צווישנ צראָדימ, ער פארגיט ניט, ער פאר־שמירט ניט, נאָר פארקערט—ער גיט יעדנ, וואָס אימ קומט. האנדלט זיכ וועגנ סאָציאַלנ טיפּאזש, וועלכער שטערט דעמ גאנג פאָרויס פונ דער רעוואָליוציע, ווערט ארויסגעשטעלט זייַנ עקלהאפטע זייַט אונ דער לייענער דארפ צו אימ זיכ באציִענ מיט שפּאָט; גייט אָבער א רייד וועגנ אזעלכע, וועלכע פּלאָנטערנ זיכ נאָכ אומגעלומפּערט, האנדלענ ווידערשפּרעכיק, קענענ זיכ קיינ אָרט ניט געפינענ, אָדער וועלכע פארמאָגנ אינ טענדענצ די פעיִקייַט

אויסצוגלייַכן זיך—דאַן רופט דער שרייַבער ארויס א שמייכל אף אייַערע ליפּן, נאָר גלייַכצייַטיק גיט ער אייַך צו פילן, אז די קאָמישע זייַטן פון דעם טיפּאוש זייַנען א שפּיגל פון די ווידערשפּרעכלעכע זייַטן אין געזעלשאפטלעכן לעבן, און אז מיטן אויסלעבן דידאָזיקע זייַטן וועט אויך אויסגעלעבט ווערן דער קאָמיזם פון אזעלכע טיפּן.

מע קען דעריבער אזוי זאָגן: אויב דער הומאָר פון דער בורזשואזיע און פונעם קליינבירגערטום איז פּאסיוו־אָפּשפּיגלעריש, איז דער סאָוועטישער הומאָר אקטיוו־אָנגעווענדעט. ער דערנעענטערט זיך מער צו סאטירע, כאָטש ער איז ניט שטענדיק פּארניכטנדיק־שארף ווי די סאטירע.

מיר גייען איצטער שאפן א נייַעם הומאָר.

קאצאָוויטש באהרירט מיט זייַנע נאָוועלן קימאט איין באשטימטן סאָציאַלן עלעמענט. זייַן אָביעקט איז דער אָפּגעשטאנענער, אָפּט סאמע נידעריקער שיכט האָרעפּאשניק, וואָס פורעמט זיך איבער אין סאָוועטישן לעבן. קאצאָוויטש פּאסט אים אופּ ניט בייסן זייַן, נאָר אינעם „ווערן“, אין זייַן „גאנג“ צו א נייַער פּראָלעטארישער שטופע. ער איז שוין ניט קיין קליינבירגער, נאָר ער איז נאָך ניט קיין פּראָלעטאריער לויט זייַנע באגריפן. דעריבער האנדלט ער אָפט קאָמיש. דער שניי־דער־ארבעטער בערל שפּונט (נאָוועלע „גאזן“), וועלכער איז ניט געגוג אריינגעצויגן אין קאָלעקטיוון לעבן, לעבט איבער א רייַ אומאנגענעמלעכקייַטן דערפאר, ווייַל ער באגרייַפט ניט דעם גראָדן וועג, מיט וועלכן מע קומט צו ברייטער געזעלשאפטלעכער אקטיוויזאציע. דעריבער איז ער קאָמיש אין זייַנע האנדלונגען. נאָר פון קאצאָוויטשעס שטאנדפונקט איז בערל שפּונט ניט קיין פּארפאלענער מענטש. עס איז געגוג א באשטימטער שטויס, קעדיי ער זאָל ארייַנגיין אין דער קאָלייע. זייַנע וואקלענישן רופן ארויס קאָמיזם, זייַן אקטיווער איבערברוך צו ריכטיקער האנדלונג רופט ארויס צו אים א פרייַנטלעכן געפיל.

אין די נאָוועלן איז דאָ א גרויסע מאָס געמיטלעכקייַט, געמיטלעכקייַט וואָס קומט ניט פון בורזשואזער איבערגעזעטיקטקייַט און באגרענעצטקייַט, נאָר גאָר פון א נייַעם קוואל. די נאָוועלע „א קייטעלע“ איז געשריבן „אין גוטן הומאָר“ ניט דערפאר, ווייַל דער שרייַבער לאָזט זיך פארווייַלן ביכלאל,—לויט דער טעמע און לויטן אינהאלט איז דאָ פאראן וועגן וואָס טרויעריק צו פארטראכטן זיך. נאָר דער שרייַבער קאצאָוויטש דערלויבט זיך אויסשפּאָטן זייַן העלד—דעם פארשווונדער. ער גייט דאָ ניט צו מיט דונערן און בליצן, מיט מוסער־רעדעס, ער פילט, אז די געזעלשאפטלעכקייַט אין לאנד איז מאָביליזירט מיט איר שארפקייַט קעגן אזעלכע פארשווונדער. מע קען זיי פארניכטן מיט א שמייכל, מע קען בלייַבן באם „גוטן הומאָר“, ווען מע גיט זייער שפּיגל: נישקאָשע, די סאָוועטנמאכט איז שטארק און וועט זיך מיט אזעלכע קריפּלען געבן אן אייצע. דער שרייַבער בלייַבט „גוט געשטימט“.

דאָס איז די געמיטלעכקייַט פון א קלאס, וואָס איז זיכער אין זיך, אין דער אייגענער קראפט, אין זייַן פעיִקייַט צו איבערקאָכן און איבערמאָלן אלץ צוליב זייַנע באדערפענישן.

מיט דערדאָזיקער געמיטלעכקייַט איז געפּארבט די נאָוועלע „א קייטעלע“, די נאָוועלע „אינגאנצן אן איבעריקער“ און א רייַ אנדערע. גוטער געמיט און לייַכטער שמייכל איז פאראן באזונדערס דאָרטן, ווו עס ווערט געלייזט די באציִונג צו א האָרעפּאשניק אָדער ארבעטער. דער שמייכל ווערט פארשפּיצט דאן, ווען עס קומט צו רייד וועגן „פרעמדע עלעמענטן“, צוגעשמירטע, אונטערלעקער. אין דער נאָוועלע „צוויי אנטראקטן“ איז געגעבן איין באציִונג צו מאָטלען, דעם פּאָשעטן ארבעטער־שוסטער, א צווייטע—צום כניפעניק

און באַלעבעסל קאָפּילניק. אינביידע איז באַנוצט די פאַרב פונ שפּאַס, נאָר זי איז געטיילט און ווערט באַגלייט מיט פריינטלעכנ געמיט צו מאָטלענ און שפּאָט צו קאָפּילניקנ.

קאַצאָוויטש גייט פונ דער קאָמישער סיטואַציע צו זיינ געמעל. איכ וויל דערמיט זאָגנ, אַז ער האָט אַ היפּשנ זאַפּאַס לעבנ־דערפאַרונג און ער רעאַליזירט זיינ קוק אָפּ דערדאָזיקער דערפאַרונג אינ אַ ליטעראַרישער פאָרם. עס באַקומט זיכ ניט קיינ איבונג און כוואַעקעריי, נאָר איר פּילט אַ גרויסנ שטאָפ. יעדער קליינע נאָוועלע שפּיגלט אָפּ שטיקער נייעמ לעבנ איבערברוכנ אינ שטייגער („רעמאָנטנ", „אינ געריכט", „פּאַרוואַלטערס מיט פּרינציפּנ") דעריבער ליגט דער יאָדער פונ דער נאָוועלע ניט אַזוי אינ דער פאָרם, אינ דער לייזונג ווי אינ דער אָפּגעשפּיגלטער סיטואַציע.

עס איז נאָכ פאַראַנ פיל וואָס צו פאָדערנ בא קאַצאָוויטשנ. דערווייל איז קענטיק, אַ ער האָט אַנ איינאַרטיקנ מעטאָד פונ לייזונ אַ טעמע. קימאַט אינ יעדער נאָוועלע פּרוווט ער קניפּנ די געשעעניש אַזוי, אַז דער סאָפּ זאָל זיינ אינגאַנצנ אומדערוואַרט, קאַלאַמבוריש. כאַראַקטעריסטיש פאַר אַזאַ „גאַנג" איז די נאָוועלע „אַנ איינגוניינציקער", ווו עס דאַכט זיכ די גאַנצע צייט, אַז עס רעדט זיכ וועגנ אַ יינגל און אינדערעמעסנ גייט די רייד וועגנ אַ כאַזערל. אַזוי אויכ אינ דער נאָוועלע „שעדיקער". דאָס איז אַנ אויסגעפּרוווטער מיטל צו שאַפנ שפּאַנונג, נאָר דאָס זעט שוינ אויס צופיל געקינסטלט. קונסט הייסט ניט קינסטלענ. קאַצאָוויטש ווייס נאָכ ניט גענוג דעמ סאָד פונ אויסבויענ אַ סוזשעט פונ אַ קליינער נאָוועלע, וועלכע פאָדערט אַ באַזונדער מייסטערשאַפט. נאָר פונדעסטוועגנ קענ מענ בלייבנ צופרידנ מיט דעמ, וואָס אַ יונגער אויטער האָט אינ זיינ ערשטער זאַמלונג געפונענ אַ באַשטימטנ וועג פאַר אַ קליינער נאָוועלע.

מע דאַרפ קאַצאָוויטשנ אָנווייזנ אָפּ נאַכלעסיקייט פונ דער שפּראַכ. קאַצאָוויטש שרייבט „האָריקע וואָנצעס" און גיט ניט אַ טראַכט דערביי, אַז וואָנצעס זיינענ נאַטיר־לעכ האָריקע; „איבער דעמ ברייטנ צעבליטנ אַרומ, ווי דער אָנגרונטיקער הימל" (ז. 74) און פילט ניט דערביי, ווי ער זעצט מעכאַניש איבער פונ רוסיש און שאַפט אַ שלעכטנ זאַצ. אָדער אינ דער נאָוועלע „ליטעראַטור און קונסט" ווערט געזאָגט: „כ' זויער איז פעסט געזעסנ אינ דער גרויסער שטול מיט זיינ געל־פאַרשפּיצט בערדל". עס קענ ניט זיינ, אַז זויער זאָל טאַקע האָבנ געזעסנ מיט דער בערדל און ניט מיט אַנ אַנדער טייל קערפּער! אָדער אינ דערזעלבער נאָוועלע: „ער האָט זיכ אָנגעשטרענגט מיט זיינע אויגנ דורכ די גרויסע רייפנ פונ די „ליטעראַרישע בריליַנ" אינ אַנ אַרטיקל". מע קאָנ מיינענ, אַז דער אַרטיקל האָט ליטעראַרישע בריליַנ און ניט דער רעדאַקטער א.א.וו. מע טאָר אויכ ניט שרייבנ די „צווייטע צוויי שורעס", ווי עס איז אָפּגעדרוקט אינ דערזעלבער נאָוועלע.

מע דאַרפ אַרויסשטעלנ דעמ כ' קאַצאָוויטש אידייִשע פאָדערונגענ. די געדאַנקענ, וועלכע ער פירט דורכ, דאַרפנ זיינ מער פאַרטיפט, מער אַלגעמיינ, מער ברייט. שפּליטערנ פונ שטייגער דאַרפנ דערהויבנ ווערנ אַזוי, אַז דורכ זיי זאָלנ וויַט געזענ ווערנ די פעדימ, וואָס קניפּנ איינ געשעענישנ מיט דאָס גאַנצע און אַלגעמיינע. די פּסיכאָלאָגישע אַנטוויקלונג פונ דעמ העלד דאַרפ געגעבנ ווערנ אינ דער גאַנצער קאָמפּליצירטקייט. דאָ האָט קאַצאָוויטש דערגרייכט באַשטימטע דערפאָלגנ אינ די נאָוועלנ „גאַזנ", „רעמאָנט", אָבער ניט אינ אַזעלכע פאַרצייכענונגענ, ווי „אינגאַנצנ אַנ איבעריקער". קאַצאָוויטש דאַרפ אויכ אויסמיידנ דעמ שטאַמפּ פונ דער טעמע („פאַרקירצט"). אַלס עמעסע הומאָרעסקעס

דארפ מענ רעכענענ די דערציילונגענ „גאזנ", „אינ געריכט", „צוויי אנטראקטנ", „רעמאָנטנ",—אינ די אנדערע איז ניטאָ אזא פרישקייט אונ אָרגאנישקייט פונ דער טעמע, ווי אינ דידאָזיקע אינדערעמעסנ נייע נאָוועלעס.

פארשטייט זיכ, אז קאצאָוויטש איז נאָכ ניט קיינ אויסגעפורעמטער הומאָריסט, עס איז נאָכ דאָ בא אימ די געפאר פונ באגרענעצטקייט, שטייגעריזמ. מע דארפ מיט געדולד ווארטנ אפ זיינע ווייטערדיקע שריט, דעריקער איז אָבער וויכטיק צו זענ, וויאזוי א יונגער אויטער שפיגלט אָפּ אינ א קליינ ביכעלע „הומאָרעסקעס" א נייעמ שניט, וויאזוי דורכ דעמ ארבעטער־שלאָגלער קומט אופ א נייע טעמאטיק פאר דעמ הומאָריסטישנ זשאנר, ווי עס ווערט צעקלאפט די אלטע סכעמע פונעמ דאָזיקנ הומאָר־זשאנר, ווו עס קומט אופ דאָס נייע, וואָס דארפ באשאפנ ווערנ אינ פעריאָד פונ סאָציאליסטישער בויונג...

א. ר. צווייג

# נאציאָנאליזם, בונדיזם און אנדערע פאר-קריפלונגען אין דער קינסטלערישער געשיכטע פון דער רעוואָליוציע

(סאָף)

III

אין זיין דערציילונג „אין א צייט אזא״ (1924) האָט כ׳ דאניעל, כאָטש אביסל אומבאהאָלפן און כאאָטיש, וואָס ס׳איז געווען א רעזולטאט פון אידעאָלאָגישער אומבאוואָפנטקייט און ניט רייפקייט, געשילדערט דעם שווערן גאנג פון דער רעוואָליוציע. מיר האָבן אין דער דערציילונג אי דאָס 5־טע יאָר, אי די רעאקציע־טקופע, אי די וועלט־מילכאָמע, אי די רעוואָליוציע. אלזאָ, אלע עטאפן. עס פעלט אָבער איינס—אברייטע סיסטעם געזעלשאפטלעכע פארבינדונגען און באציונגען. דאניעל מיידט אויס ברייטע סאָציאל־פּאָליטישע שלאכן. דער מענטשן־שטאָפ איז א נישטיקער. שפענער—ניט קיין בוימער... די רעוואָליוציאָנערע באוועגונג פון 5־טן יאָר איז אריינגעשפארט אין די ראמען פון באלמעלאָכישן שטיבל און הענדלערישן מארק. און מער ווי פונעם „בונד״ ווייס ניט כ׳ דאניעל צו דערציילן. די רעוואָליוציע—דאָס איז דער „בונד״, דער „איינציקער פאָרשטייער״... די „גענעראלע רעפעטיציע״ פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע איז פאָרגעשטעלט דורך צוויי מאָגערע בילדלעך פון אן אומלעגאלער פארזאמלונג בא לייע דער זאָקנשטריקערקע אין שטיבל און א מיטינג אין מארק, וואָס פארענדיקט זיך מיט א קאָזאקישן אָנפאל. קיין קויכעס־פארהעלטענישן, קלאסן־קאמף, אָנפירנדיקע קויכעס.

די רעאקציע־טקופע ווערט פאראלגעמיינערט לויט דעם, וואָס עס האָט זיך געטאָן אינעם קליינבירגערלעכן געמייזעכץ. „כאווירים האָבן מיט געוועזענע כאווערטעס אין ליבע געשפילט, כאסענעס געשטעלט, קינדער געבאָרן, ווי אלע יידן. ייִנגערע האָבן זיך די שלייפן דורכגעשאָסן, צעטעלעך געלאָזן: אלע צעטעלעך איין נוסעך—איך גלויב אין גאָרניט! איך שטארב מיט דער באוועגונג—(„שטראָם״, 5—6, ז. 40). כ׳ דאניעל האָט די רעאקציע־טקופע אופגעפאסט קליינבירגערלעך, ניט פארשטאנען, אז די דעגענעראציע און רענעגאציע

האָבנ פארכאפט בלויז בורזשואזע דעמאָקראטנ אונ סאָציאל־אָפאָרטוניסטנ. די באָלשעוויסטישע פארטיי, בעראָש מיטנ כ׳ לענינ, איז געשטאנענ פעסט אפ אירע פאָזיציעס, געפירט א פארביסענעמ קאמפ מיט אלע רענעגאטנ אונ ליקווידאטערנ. פונקט ווי די רעוואָליוציאָנערע טקופע איז בא דאניעלנ פערזאָניפיצירט אינ דער געשטאלט פונ דער בונדאָווקע עטקע, אזוי איז די רעאקציע־טקופע—אינ דער געשטאלט פונ מולקעס שוועסטער, ראָכל, וואָס האָט „זיכ א קלייד אופגענייט א ברוינע, א צעפעלע פארוואָרפנ, מיט פראָגימנאזיסטקעס ארומגעלאָפנ איבער נעווסקי פראָספעקט—א ברייטע גאס מיט קראָמענ״ (ז. 43). די צענטראלע „רעוואָליוציאָנערע״ פיגור אינ דער שפעטערדיקער אופלעבונג ערעוו וועלט־מילכאָמע איז מולקע דער גאסנ־יונג, דער גאנעוו, דער „באסיאק״, וואָס צו אימ זײַנענ געווענדעט דאניעלס סאָציאלע סימפאטיעס. די מענשעוויקעס געפעלנ ניט מולקענ, אָבער מיט וואָס? זיי פארנעמענ זיכ מיט טעאָרעטישע כקירעס. דאניעל פאראָדירט דעמ וויסנשאפטלעכנ סאָציאליזמ. („די קאָנצענטראציע פונ קאפיטאל וועט ברענגענ צו פראָלעטאריזאציע פונ די מאסנ, טרײַבנ אפ עקספראָפריאציע״ ז. 45 [1]). דאָס איז קריטיק פונ רעכטס, פונ אנארכאָ־באָהעמישנ שטאנדפונקט. די גרינגשעצונג פונעמ וויסנשאפטלעכנ סאָציאליזמ, פונעמ ווירקלעכנ מארקס־לענינישנ, האָט מיטנ באָלשעוויזמ לאכלוטנ ניט צו טאָנ.

די ווײַטערדיקע געשעענישנ—די וועלט־מילכאָמע, די רעוואָליוציע זײַנענ געשילדערט פונ אנ אָבסערוויר־פונקט, וואָס געפינט זיכ אינ... העקדעש. וועגנ צוזאמענהאנגענ, קרעפטנ־פארהעלטענישנ, אָרגאניזיר־קויכעס, פארטייענ, אָנפירנדיקע פערזענלעכקײַטנ—פונ דעמ איז קיינ זייכער ניטאָ. ביכלאל, וואָס נעענטער צו דער רעוואָליוציע, אלצ ווייניקער שטאָפ פארמאָגט דאניעל. פעווראל—אָקטיאבער זײַנענ שוינ הויל־נאקעט, היסטערישע מעליצע, די רעוואָליוציע פאָרט באמ כ׳ דאניעל ארומ אפ קוליעס (ז. 78). אינ דער שפעטערדיקער באזונדער־אויסגאבע האָט דאניעל ארײַנגעפירט אנ עפיזאָד, ווי סאָלדאטנ וואלגערנ זיכ אפ דער ערד אונ זופנ צעגאָסענעמ בראנפנ. די רעוואָליוציע איז א סטיכיע, א כאאָס...

אזוי־ארומ זעענ מיר בא דאניעלנ באָהעמישנ אנארכאָ־אינדיווידואליזמ צוזאמענ מיט געוויסע סימפאטיעס צומ היימישנ אלטנ „בונד״. צוויי זײַטנ פונ איינ קליינבירגערלעכער מאטבייע!

אינ זײַנע ווײַטערדיקע ווערק—אינ וועלכע דאניעל האָט פארגעזעצט זײַנ רעוואָלירציאָנער־געשיכטלעכנ פאָדעמ—האָט ער זיכ בישלעכווײַז באפרײַט פונ זײַנ אנארכאָ־אינדיווידואליסטיש־בונדישער יערושע. אינ „אפנ שוועל״—פארנ כ׳ דאניעל א באדײַטנדיקער אידעאָלאָגיש־קינסטלערישער טריט פאָרויס—האָט ער גאנצ טרעפלעכ דעמאסקירט דעמ קליינבירגערלעכנ סאָציאליזמ, כאָטש אינ א צו נעבעכדיק־פאסיווער געשטאלט (הערש. דער קליינבירגערלעכער סאָציאליזמ איז געווענ אקטיוו קאָנטער־רעוואָליוציאָנער, רעוווצקי, לעמאָשל), באוויזנ ווי די האָרעפאשנע מאסע איז אוועק זיכ שלאָגנ פאר דער רעוואָליוציע. אָבער אויכ דאָ האָט ער געמאכט א גרונטיקנ פעלער, שילדערנדיק די טרעגער אונ באלעגאָלעס אונ צוזאמענ מיט זיי די דעמאָקראטישע אינטעליגענצ אלס פירנדיקע באוועג־קויכעס פונ דער רעוואָליוציע, דעמ ארירגארד פארוואנדלט אינ אוואנגארד. דערבײַ האָט ער פארזענ דעמ פראָלעטאריאט, אונ די בורזשויענ (מארגוליס) געשילדערט ווי

[1] אינ דער נײַער אויסגאבע האָט דאניעל פארביטנ אָט די פאראָדיע אפנ וויסנשאפטלעכנ סאָציאליזמ מיט א פאראָדיע אפ דער עסעסישער פראָגראמ.

א פּאסיוונ סוינע, ווי אנ אונטערטעניקנ נעבעכל[1]). אפילע אינ „יוליס“ איז נאָכ דאָ היפּשע שפּורנ פונ דער שווערער ירושע. די ליניע פונעם באָלשעוויק יוליס ציט זיכ אָנ איבערייַס פונעם בונדיסט יוליס, ווי אנ אָרגאנישע פאָרזעצונג. בונדיזם אונ באָלשעוויזם זייַנענ איינ קוואליטעט. אויכ אינ „יוליס“ איז ניטאָ קיינ סיסטעם געזעלשאפטלעכע פארבינדונגענ, באַציִונגענ. איינזאמע, איזאָלירטע רעוואָליוציאָנערנ. דאָס פארופנ זיכ אפ א פאקט איז, פארשטייט זיכ, ניט איבערצייַגנדיק. נאָכ ענגעלס האָט אָנגעוויזנ אינ זייַנ רעצענזיע אפ מארקס „קריטיק פונ דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע“, אז די מארקסיסטישע טעאָריע „איז א שפּיגל, וואָס שפּיגלט אָפּ נאָר אנ אויסגעבעסערטע לויט די געזעצנ, וואָס עס זאָגט אונטער דער ווירקלעכער גאנג פונ דער היסטאָרישער אנטוויקלונג, ווייַל יעדער מינוט קענ מענ ווענדנ די אופמערקזאמקייַט אפ דער שטופּע פונ זייַנ פולער רייַפקייַט, זייַנ קלאסישקייַט“. אויכ דער קינסטלער איז מעכויעוו צו האלטנ זיכ אָנ דעמדאָזיקנ טעזיס. ס'איז באקאַנט, ווי הויכ לענינ האָט געשטעלט דזשאָנ רידס „צענ טעג“, טאקע דערפאר, וואָס ער איז ניט פארזונקענ אינ פאָטאָגראפישקייַט.

א באַדייַטנדיקע פּראָדוקציע אינעם געביט פונ קינסטלערישנ שילדערנ די געשיכטע פונ דער רעוואָליוציע האָט געגעבנ פּערעצ מארקיש. מיר מיינענ דאָ זייַנע צוויי גרויסע היסטאָרישע ווערק „דאָר איינ דאָר אויס“ אונ „ברידער“. אָט דיביידע ווערק, וואָס זייַנענ פאר מארקישנ געווענ א גרויסער טריט פאָרויס אפנ וועג צו דער רעוואָליוציאָנער-סאָציאליסטישער ליטעראטור, פארמאָגנ גאנצ היפּשע דערקענטעניש-עלעמענטנ פונ דער רעוואָליוציע-געשיכטע, באַזונדערס דארפ מענ עס אונטערשטרייַכנ וועגנ „ברידער“. אָבער אינ ביידע ווערק פילנ זיכ נאָכ זייער שטארק די רעשטנ פונ מארקישעס אנארכאָ-נאַציאָנאליסטישער פארגאנגענהייַט. די צונויפפּאָרונג פונ אינדיווידואליסטישנ ראָמאנטיזם מיט בונדיזם, טרעפנ מיר בא מארקישנ נאָכ אינ א גרעסערנ מאסשטאב, ווי בא דאַניִעלנ.

„דאָר-איינ דאָר-אויס“ הייבט אָנ מארקיש פונ די ערעוו-מילכאָמע-יאָרנ 1910—1914. אינ מארקישעס אקטיוו דארפ מענ ארייַנשטעלנ זייַנ קאָנקרעטקייַט. אינ קעגנזאצ צו יאָפּעס „נעפּהויפּ“, שילדערט אונדז מארקיש א ווירקלעכ-קאָנקרעט שטעטל פונ אָנהייב 20-טנ יאָרהונדערט, וואָס פארמאָגט אנ אינדוסטריע, א גרויסע גארבערייַ אונ א הוטע (ס'איז אגעוו, זייער כאראקטעריסטיש, וואָס דער קאפּיטאליסט בערמאנ האָט זיכ אליינ ארויסגעקליבנ פונעם שטעטל אינ דער גרויסער שטאָט, לאָזנדיק אינעם שטעטל א געטרייַענ נעמאָנ). אפ איר באַזע אנטוויקלט זיכ אינ שטעטל די ארבעטער-באַוועגונג. וואָלט אלצ, געווענ גוט, אָבער... דאָ טרעט ארויס בא מארקישנ דער בונדיזם. דער „בונד“ איז בא מארקישנ דער סינאָנימ פונ דער ארבעטער-באַוועגונג. „בונד“ — דאָס איז רעוואָליוציע. דאָס ווייס אפילע דער גאָראָדאָוואָי, וואָסווארפט אנ איימע אפנ שטעטל מיט זייַנע געשרייענ „בונדע“, „קראמאָלע“. אויסער ייִדנ זייַנענ בא מארקישנ ביכלאל קיינ רעוואָליוציאָנערנ ניטאָ. א ייִדישע רעוואָליוציע! וועגנ דעמאסקירנ דעמ בורזשואזנ טאָכ פונ „בונד“ איז בא מארקישנ אפילע קיינ רעמעז ניטאָ. דער „בונד“— דאָס איז די ראָמאנטישע יוגנט פונ דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג. דאָס איז פונ איינ זייַט. פונ דער אנדער זייַט, איז די ארבעטער-באַוועגונג בא מארקישנ געשילדערט היפּש נעבעכדיק. קיינ קלאסנקאמפּ, קיינ שטרייַקנ. מע שיסט אינ קלויסטערשנ קופּאָל אונ פאר דעמ פארשיקט מענ בערעלע קאָוואל אפ פיר יאָר קיינ סיביר. (ז. 13—14).

[1]) ס'איז אינטערעסאנט, אז אינ דער דראמע „יוליס“ (פיר טעג) האָט דאַניִעל אויסגענוצט די מארגוליס-געשטאלט פונ „אפנ שוועל“, פארוואנדלענדיק זי אינ א געשטאלט פונ אנ אקטיוונ קאָנטער-רעוואָליוציאָנער.

דער צווייטער עטאַפּ—דאָס איז דער 1914־טער יאָר. דער „בונד” איז נאָך אַלץ „מוישל־בעקיפּאָ” — דער „איינציקער פּאַרשטייער”. די בונדישע „שוועס” רעוואָליוציאָניזירט די הערצער פון די אַרבעטנדיקע (ז. 27, 56), און צוזאַמען מיט אָט דער בעקאָוועדיקער פּאַרציע בונדיזם ווערט דערלאַנגט אויך די עמעסע פּאַרציע קליינבירגערלעכע מעטאַפיזיק. דער ערעוו־מילכאָמע־יאָר איז אויסגעשטאַלט אינעם סטיל פון פלאַוויוס „ייִדישע מילכאָמעס”. דאָס שטעטל (א פאַבריק־שטעטל!) איז פול מיט קאָשמאַרן, פאַרשפּירענישן, פאָרויסזעענישן, פּכאָדים, הימל־סימאָנים... איבער דעם גאַנצן קאָשמאַר שוועבט די געשטאַלט פון גאָדלען דעם מעשוגענעם שויכעט, וואָס טראָגט זיך אַרום מיט נעוויִעס פון אונטערגאַנג, אומקום. גאָדל איז פאַר מאַרקישן דער סימוואָל פון דער פאַרפייַניקטער מענטשהייַט. אַזוי זעט אים אַפילע עזרע דער רעוואָליוציאָנערער פירער (ז. 44). גאָדל ווערט אַפילע דער נאָווי פון דער קומענדיקער סאָציאַלער רעוואָליוציע.

„גאָדלען האָט געזעצט א הייסע פּענע פונעם מויל: עזרעס טאַטע! הער, עזרעס טאַטע, די ווינטמילן גייען שוין מיט טעלעגראַפן. די גיבוירים. און איך וועל זיי באַגעגענען מיט שירע. זיי גייען מיט כאַלאָפים. זיי טראָגן שוין דעם שטורעם־ווינט און קאָנען ניט די בראָכע. איך וועל פאַר זיי מאַכן די בראָכע, עזרעס טאַטע, און אָפּגעבן שאָלעם דעם קויהען־גאָדל” („דאָר אייַנ דאָר אויס”, ז. 153, זע אויך 151).

גאָדל דערמאָנט דעם מעשוגענעם ליפּע באַשעוויטשן מיט זייַנע נעוויִעסן פון שאָלעמאלייכעמס „מאַבל”, טאַנכומען פון לייוויקס „גולעם”. זיי שטאַמען אַלע פון איין מאָקער — פון קליינבירגערלעכן טויהוּוואָוויהעדיקן אופאַסן די רעוואָליוציאָנערע סטיכיִע. גאָדל איז די סאַמע אויסדריקלעכסטע געשטאַלט אינעם ראָמאַן, אָבער צוזאַמען מיט דעם דער גרעסטער דענקמאָל פון... מאַרקישעס מעטאַפיזישן צוגאַנג צו דער מילכאָמע־ און רעוואָליוציע־ווירקלעכקייַט.

דעם גרעסטן אָרט פאַרנעמט אין ראָמאַן דער מילכאָמע־פּעריִאָד—12 קאַפּיטלען פון 26. פאַראַן אין אָט די קאַפּיטלעך א ריי פּאָזיטיווע מאָמענטן, וואָס האָבן פאַרן לייענער א געשיכטלעך־דערקענטעניש־ווערט, ווי, לעמאָשל, דאָס אָנלעבן זיך פון דער בורזשואַזיע אין דער מילכאָמע (ז.ז. 71—73), דאָס הינטערלאַנדישע אייַנאָרדענען זיך פון די בורזשואַזע זינגדלעך (59), די מייַסים פונעם צאַרישן מעשאָרעס, וואָס הייסט ראַבינער, און זייַן טאָכטער די קאַזיאָנע פּראָסטיטוטקע. אָבער דעם אַלגעמיינעם בילד פונעם מילכאָמע־פּעריִאָד האָט מאַרקיש ניט באַהערשט. ס'איז אינטערעסאַנט אָפּצומערקן: אינעם מילכאָמע־פּעריִאָד טראָגט מאַרקיש אַריבער די האַנדלונג פון שטעטל אין שטאָט. דאָ האָט מאַרקיש געהאַט די מעגלעכקייַט באַווייַזן די קויכעס־פאַרהעלטענישן און קלאַסן־שטרייַטן אויפן ברייטן סאָציאַל־פּאָליטישן שליאַך. מאַרקיש האָט זיך אָבער ניט געגעבן די מי דערצו. ער איז אַוועק אויפן וועג פון קלענסטן ווידערשטאַנד. אַרייַנגעקוועטשט דאָס סאָציאַל־פּאָליטישע לעבן עפּעס אין א פאַרוואָרפענער געהיימניספולער מאַנסאַרדע, ווו עס לעבט עזרע, איצט שוין טאָוואַרישטש זאָרין, מיט א ווייַב א רעוואָליוציאָנערקע, וועלכע ער האָט אָפּגענומען בא עפּעס א פּסיכאָפּאַט. בעקיצער, א מייַסע פון „טויזנט איינ נאַכט”. אַגעוו, איז דאָ עזרע דער בונדיסט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א באָלשעוויק. וויִאַזוי—ווייסן מיר ניט. (מיר וועלן שפּעטער זען, אַז דאָס איז בא מאַרקישן א סיסטעם). נאָר סייַווי איז ער בלויז א פאַפירענער באָלשעוויק. אין דער ראָל פון א באָלשעוויסטישן טוער זעען מיר

אימ ניט אינ מעשעכ פונ גאנצנ בוכ. די סיטואציע אינ שטאָט באווײַזט מארקיש ניט. עפּעס דרײַ ייִדנ (א ייִדישע רעוואָליוציע!) אָרגאניזירנ א באָלשעוויסטישע דעמאָנסטראציע, וואָס האָט א פּאָנעמ פונ כויזעק (ז. 124).

די לאגע אינעמ דאָרפ איז אויכ באלויכטנ פאלש. לויט מארקישעס קאָנצעפּציע האָט דאָס דאָרפ אינ דער וועלט־מילכאָמע געזאמלט צאָרנ אפ ייִדנ. „ס'איז ניט גוט, מענדליא, ניט גוט... דער קייסער איז פונ גאָט און מע זעט אימ ניט און ייִדנ זײַנעג אומעטומ, ווּ דו ווילסט! און דער נאראָד איז אינקאעס אפ ייִדנ"—אזוי טײַנעט בא מארקישנ פּאָפּעלייכע דער אָרעמפּויער (ז. 84, אויכ 79). דאָ זײַנענ פולקומ איבערגעדרייט די יאָצרעס. דער סאָציאַלער זינ פונ די צארישע אנטי־ייִדישע מײַסימ איז דאָ אינגאנצנ פארווישט. דאָס פּאָלק איז פונ טכילעס אָנ אינקאעס געווענ אפ די ייִדנ. דעמ סאָציאַלנ האס, וואָס דאָס דאָרפ האָט געזאמלט, האָט מארקיש ניט דערזענ. פארגלײַכ, לעמאָשל, מיט ברעגמאנס שילדערונגענ וועגנ דאָרפ (זע „קריג און רעוואָליוציע", ערשטער טייל, ז. 298—302).

אויכ די ארמיי איז געשילדערט א פינצטערע, א כוישעכדיקע, אָנ איינ שטראל ליכט. ווּ איז די יוירונג אינ דער ארמיי, וואָס עס באווײַזט אונדז אזוי גלענצנד ברעגמאנ אינ זײַנ בוכ? אָנשטאָט דעמ האָבנ מיר בא מארקישנ א היפּשע דאָזע מיסטיפיצירטע „אונטער־באוווסטזיניקע" פּסיכאָלאָגיק און זעענישנ (ז. 197—198).

אזוי־ארומ איז דער סאכאקל אזא: די שטאָט איז פארסאמט מיט פּאטריאָטיזמ (ז. 99), דאָס דאָרפ—מיט אנטיסעמיטיזמ, די ארמיי איז פארזונקענ אינ פּאסיווע לײַדנ. איז פונוואנענ־זשע איז געקומענ די רעוואָליוציע? ווּ זײַנענ אירע באוועג־קויכעס? איז דעריבער ניט קיינ ווּנדער, וואָס מארקיש האָט געמוזט אָנקומענ צו אנדערע „קויכעס": צו נעוויִעס פונ מעשוגאָיִמ, צו מעטאפיזיש־סימוואָלישע זעונגענ (ווי, אשטייגער, מאָטל מיט זײַנ הונט. ז. 218).

פּעווראל ברעכט אויס, ווי א סטיכיִע (222) און ברענגט אינ דער ייִדישער סוויווע בלויז שרעקנ און פּכאָדימ, קאָשמארע פּאָרגעפילנ (קאפּיטלענ 16—17). ווידער באווײַזט זיכ אפ דער סצענע דער מעשוגענער גאָדל מיטנ דערוואָרגענעמ קאפּאָרע־האָנ (239, 248). געזעלשאפטלעכער קאמפ, פּארטייענ, קלאסנ — פונ דעמ איז קיינ זייכער ניטאָ. א ריי שטייגער־מאָמענטנ, מיט אנ אויסערלעכ־געשילדערטער דעמאָנסטראציע (ז. 230) — אָט איז דער פּעריאָד צווישנ פּעווראל און אָקטיאבער. „ארבעטער און ארבעטערנס" ווערנ דערמאָנט פארבײַגייענדיק. די רעוואָליוציאָנערע פיגור איז מאָטל דער באלעגאָלע! מאָטל באלעגאָלע וואָלט געווענ בעפּיירעש א געווינס פאר אונדז, ווענ מארקיש באווײַזט אונדז אינ זײַנ געשטאלט, ווי די האָרעפּאשנע מאסע ציט זיכ צומ ארבעטער־קלאס און ווערט פונ אימ אָנגעפירט און געפירט צו דער רעוואָליוציע. בא מארקישנ איז אָבער ניטאָ דער העגעמאָנ פונ דער רעוואָליוציע—דער פּראָלעטאריאט און זײַנ פּארטיי, איז די מאָטל־פיגור פארוואנדלט אינ א טשיקאווע שטייגער־פיגור.

אָפּגעפּאטערט מיט די צוויי קאפּיטלעכ (16—17) — דעמ פּעריאָד צווישנ פּעווראל און אָקטיאבער, איז מארקיש געקומענ צו אָקטיאבער. דאָ האָט ער שוינ אינגאנצנ אָפּגעלאָזנ די אידעאָלאָגישע לייצעס און איז אוועק גאלאָפּ אפ זײַנ קאָשמאריש־נאציאָנאליסטישנ פערד. דאָס גאנצע 19־טע קאפּיטל איז פול מיט פּאָגראָמ־דערווארטונג. די דיפערענציר־ליניע איז שוינ דאָ בלויז ייִדנ־גאָיִמ. ווײַטער קומענ א ריי „קידעש־האשעמ"־בילדער און עפּיזאָדנ. א „שייגעצ" דערטרינקט דעמ נעמאָנס טאָכטער (227), „שקאָצימ"

איזדיעקעווען זיך איבער גאָדלען, פארפייניקן אים (280). מענדל לאָזט זיך אפ קידעש־האשעם, קעדיי ברענגען צו „קוורעס־ייִסראָעל" געהארגעטע ייִדן. מענדל דער לופט־מענטש, איבער וועלכן מארקיש איראָניזירט אין דער ערשטער העלפט בוך, וואקסט דאָ אויס אין א קידעש־האשעם־פיגור (קאפיטל 21). דאָס גאנצע 25־טע קאפיטל—מיט דער ראָוו־פיגור (364), מיט דער מיידל, וואָס גייט צום אטאמאן מיט א מעסער אין בוזעם ראטעווען דעם קלאל־ייִסראָעל (382) — איז געשריבן אין א נאציאָנאליסטישן טאָן. ס'איז קלאָר, אז מער פון אלץ איז „דאָר אייַן דאָר אויס" א קינסטלערישער דאָקומענט וועגן דעם, ווי געוויסע טיילן פונעם קליינבירגערטום (מארקישעס סאָציאַלער שיכט) האָבן אופגענומען די וועלט־מילכאָמע און רעוואָליוציע, זייער צעטרייסלונג, בראָך, פכאָדים. אין דער הינזיכט איז „דאָר אייַן דאָר אויס" געוויס א שפיגל פון דער רעוואָליוציע (ווי לעניִן פארשטייט עס בענעגייע טאָלסטויען). קיין דערקענטעניש וועגן דעםווירקלעכן גאנג פון דער רעוואָליוציע, וועגן אירע באוועג־קויכעס, אָנפירנדיקע קרעפטן, גיט אונדז דאָ מארקיש ניט. און ניט געגעבן האָט עס מארקיש דערפאר, ווייַל בייס ער האָט געשריבן דעם ראָמאן האָט ער זיך נאָך אליין ניט באפרייַט פון דער קליינבירגערלעכער אופאסונג פון די אופטרייסלענדיקע געשעענישן אין דער וועלט־מילכאָמע און רעוואָליוציע.

אין „ברידער" קערט זיך מארקיש ווידעראמאָל אום צו דער געשיכטע פון דער רעוואָליוציע. אין „ברידער" זעען מיר, ווי מארקיש דערנעענטערט זיך אלץ מער צו דער רעוואָליוציאָנערער אופאסונג פון די געשעענישן. די פאָזיטיווע מאָמענטן פון „דאָר אייַן דאָר אויס" זייַנען דאָ אויסגעוואקסן און פארברייטערט געוואָרן. אין „ברידער" לעבט שוין דער אָטעם פון דער רעוואָליוציע, איר דראנג, אירע מארשן און ריטמען. ניט אומזיסט זייַנען פיל קאפיטלעך פון „ברידער" ארייַן אין אונדזערע שול־כרעסטאָמאטיעס (באזונדערס דער קאפיטל, ווו עס ווערט געשילדערט גייַס אָנגריף אפ ווארשע). אָבער צוזאמען מיט אָט דאָס רעוואָליוציאָנער־פאָזיטיווע איז נאָך אין „ברידער" פארבליבן פיל פונעם אלטן.

אין „ברידער" האָט זיך מארקיש געשטעלט אלס אופגאבע צו קאָנצענטרירן זייַן אופ־מערקזאמקייַט אפ די נאָכאָקטיאבער־געשעענישן. דאָס אליין באווייַזט שוין מארקישעס גייַן פאָרויס. אָבער די סכעמע איז דאָ די אייגענע. דער אָנהייב איז אויך אין „ברידער" ערעוו־מילכאָמע און קימאט דיזעלביקע סיטואציע: א שטעטל מיט גרויסע לעדער־זאוואָדן, מיט א הוטע, וואָס געהערן צום קאפיטאליסט ראכמיִעל שפילבארג (אין „דאָר אייַן דאָר אויס"—בערמאן). די ארבעטער־באוועגונג פאר דער מילכאָמע איז אויך אין „ברידער" פאָרגעשטעלט אויסשליסלעך דורכן „בונד". די „שוווּע", די בונדישע ליד ביכלאל איז דאָ דער אויסדריקער פונעם רעוואָליוציאָנערן געפיל (ז. 20—23). אין דריטן קאפיטל, ווו ס'הייבט זיך שוין אָן די וועלט־מילכאָמע, באווייַזט אונדז מארקיש ווידעראמאָל, ווי די בורזשואזיע האָט זיך אָנגעלעבט אפ דער וועלט־מילכאָמע (ז. 31). דער קאמפ פונעם ארבעטער־קלאס קעגן קאפיטאליזם אין דער מילכאָמע־צייַט ווערט אין „ברידער" געשילדערט אין מיסטיפיצירט־ראָמאנטישע פארבן:

„אז ארויס זייַנען יונגען—באטרונקען פון האס—
מיט געזאנג, ווי דער טאָג און מיט טריט, ווי די מיילן,—
אז ארויס זייַנען יונגען—ארויס אפ באפאלן,
מיט אויוון אפ די הענט, מיט געוויכער אין מיילער.. (37)

ווי אין „דאָר־אויס, דאָר־איַין“ איז אויך אין „ברידער“ דער אָקטיאבער־פעריאָד פול מיט שרעק. א נערוון־אָקטיאבער! קיין רעמעז פון געזעלשאפטלעכן קאמפ, פון דער דיספאָזיציע פון די קויכעס. די געשעענישן קומען פאָר אויסער רוים און צייט. ס'איז ניט וויַסרוסלאנד, ניט אוקראַינע. אין די ערשטע 12 קאפיטלעך איז פאראן פיל קאָנקרעט־רעאליסטישער מאטעריאל וועגן די גארבער, דעם פאבריקאנט. אין די לעצטע 18 קאפיטלעך פרעוואלירט שוין דער ראָמאנטיש־אוואנטיוריסטישער עלעמענט.

דאָס געשיכטלעך־נייַע אין „ברידער“, וואָס מיר האָבן ניט אין „דאָר־אויס דאָר־איַין“ איז דער קאָנטר־אָנגריפ אפ פוילן, אָבער די שילדערונג פונעם 20־טן יאָר איז אויך ווי אויסער רוים און צייט. די לעבעדיקע קרעפטן־פארהעלטענישן אין פוילן זעען מיר ניט. אזריעל טראָגט זיך ארום ווי א ווילכער איבער די פוילישע שטעטלעך און מאכט רעוואָליוציע. אין 16־טן קאפיטל ווערט געשילדערט א דעמאָנסטראציע, אָבער מיר זעען ניט, ווער ס'האָט זי אָרגאניזירט. מארקיש האָט אונדז ניט באוויזן די באגייַסטערונג, מיט וועלכער די אונטערדריקטע ארבעטער און פויערים פון פוילן האָבן אופגענומען די רויטע־ארמיי, באזונדערס די אונטערדריקטע פון די ראנד־געגנטן פון פוילן.

אויך אין די „ברידער“ זייַנען דאָ עלעמענטן פון „מעגילע פון יידישן פייַן“. (דאָס בילד, ווי מע דערטרינקט יידן אין דניעפער, (קאפ. 9), די שלייפער־באלאדע, וואָס איז אן עמעסע קידעש־האשעם־באלאדע (ז. 78) דאָס שכיטע־בילד צוזאמען מיטן ראָוו (ז. 82), דער ראָוו דער קאָדעש (ז. 244) ביכלאל איז אין דעם טייל דאָס שטעטל שוין געשילדערט ניט דיפערענצירט—איין פאָלק, איין גורל, איין פייַן „ערגעץ אונטער ווארשע—שטעטעלעך צעזייטע, כאָוועץ זיך דאָרט יידן, כאָוועץ זיך ווי אויפעס“. (ז. 120 איבערגעכאזערט 173, זע אויך 162).

ס'קען, פארשטייט זיך, קיין ברעקל סאָפעק ניט זייַן אין דעם, אז אין א ווערק פון יענער צייַט איז דער קינסטלער מעכויעוו אופצודעקן ביזן גרונט די גרויזאמע געשעענישן אפ אוקראַינע אין די יאָרן 1919־1920, אָבער אופדעקן זיי, ווי אן אָרגאנישן באשטאנד־טייל פון דער קאָנטר־רעוואָליוציע און אינטערווענץ, וואָס ס'האָט אָרגאניזירט די צ ו י ש נ פ ע ל ק ע ר ל ע כ ע ב ו ר ז ש ו א ז י ע, אין ק ל א ל א ו י ך ד י י י ד י ש ע ב ו ר ז ש ו א ז י ע מ י ט ד י צ י ע נ י ס ט נ ב ע ר א ָ ש. בא א געהעריקער מארקס־לענינישער קינסטלערישער באלייַכטונג וועט אזא שילדערונג מיטהעלפן צו צעטרייַבן די קאשמארן־זיכרוינעס, וואָס לעבן נאָך בא געוויסע שיכטן פון דער יידישער באפעלקערונג, פארפעסטיקן זייער רעוואָליוציאָנער־סאָציאַליסטישן באוווסטזייַן, פארטיפערן זייער האס צו דער קאפיטאליסטישער וועלט, וואָס גרייט זיך איבערצוכאזערן די אינטערווענץ. מארקישעס באלייַכטונג קען אָבער בלויז וועקן רעשטן פון נאָך ניט ליקווידירטע נאציאָנאליסטישע „אנטיגאָיִשע“ געפילן בא געוויסע שיכטן.

נאָך די אלע טייַנעס שטרייַכן מיר אָבער אונטער נאָכאמאָל, אז די עפּאָפייע „ברידער“ איז פאר מארקישן געווען, קען מען זאָגן, א קערפונקט אפ זייַן שעפערישן וועג. זי איז אין א גרויסער מאָס אָנגעזעטיקט מיט רעוואָליוציאָנערן שטורעם און דראנג. די קאפיטלען וועגן קאפיטאליסט, וועגן גאלעך, וועגן גייַס מארש אפ ווארשע און אנדערע, זייַנען מוסטערן פון רעוואָליוציאָנערער פאָעזיע און זאָגן איידעס וועגן מארקישעס אָפרייַסן זיך פון זייַן אמאָליקן „פוסט און פאס“ און „סטאם“—געדרייט זיך פסיכאָאידעאָלאָגיע, וועגן זייַן אָנגעשטרענגטן דערנענטערן זיך צום פראָלעטאריאט אין זייַן וועלטאָנשויונג, פארזיכערן אין דעם, אז בא א גרינטלעכער אידעאָלאָגישער איבערבויונג וועט מארקיש באשאפן—ער האָט דערצו אלע קינסטלערישע מעגלעכקייַטן—דעם עכטן רעוואָליוציאָנער־געשיכטלעכן ראָמאן.

אויכ דער כ׳ קוויטקאָ האָט געפרווװט זײַנע קויכעס אינעם רעוואָליוציאָנער־געשיכטלעכנ געביט.

כ׳ קוויטקאָ איז געקומענ אינ דער ליטעראטור פונ די האָרעפּאשנע שיכטנ, אינ דער יוגנט איבערגעפילט אפ די אייגענע פלייצעס דעמ ביטערנ טאמ פונ קאפּיטאליסטישער עקספּלואטאציע, אָבער אלס דיכטער איז ער ארונטערגעפאלנ אונטער דער ווירקונג פונ דער ראדיקאל־ייִדישיסטישער אינטעליגענצ, געטאנצט א „שוויַגנס" מיט בערגלסאָנענ אונ צוזאמענ מיט ניסטערנ געזוכט דעמ באשייד פונ די קישעפ־נעכט אונ שיידימ־שפּרוכנ. ערשט אונטער דער ווירקונג פונ דער רעוואָליוציע אונ דער סאָציאַליסטישער בויונג האָט זיכ כ׳ קוויטקאָ ביסלעכווײַס באפרײַט פונ דער ייִדישיסטיש־אינטעליגענטישער געפענקעניש, אונ דעמלט האָט ער אָנגעהויבנ אויסנוצנ זײַנ פערזענלעכע רײַכע ארבעט־דערפארונג. ער האָט אָנגעשריבנ זײַנ „ליאמ אונ פּעטריק".

אינ „ליאמ אונ פּעטריק" האָט כ׳ קוויטקאָ געשילדערט דעמ גורל פונ צוויי ארבעטנדיקע יאטנ, זייער געאָגראפישע אונ פּראָפעסיאָנעלע וואנדערונגענ, זייער עקספּלואטאציע, זייער פארבינדונג מיט דער ארבעטער־באוועגונג, מיט דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג. „ליאמ אונ פּעטריק" איז דער ערשטער בוכ אינ דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור — אונ דערווײַל דער איינציקער בוכ — וואָס שילדערט אונדז קאָנקרעטע קינסטלעריש־פולבלוטיקע בילדער פונ דער אמאָליקער קאפּיטאליסטישער עקספּלואטאציע, בוילעטע טיפּנ פונ דער בורזשואזיע, אירע טעלערלעקער אונ מעשאָרסימ. אינ דעמ הינזיכט איז „ליאמ אונ פּעטריק" מאמעש אנ אויצער פאר אונדזער יוגנט, וואָס האָט שוינ מיט די „אייגענע אויגנ" ניט געזענ דעמ קאפּיטאליסטישנ גענעמ. („ליאמ אונ פּעטריק" איז טאקע איינער פונ די אמערסטנ געלייענטע ביכער אינ אונדזערע יוגנט־ביבליאָטעקנ). אינ דעמ פּראט גיט ער ווירקלעכע געשיכטלעכע דערקענטעניש. ערגער איז די לאגע מיט דער ארבעטער־באוועגונג. דאָ האָבנ מיר שוינ ניט אזוינע בוילעטע דערקענטעניש־רײַכע בילדער אונ געשטאלטנ. די ארבעטער־באוועגונג איז, אפּאָנעמ, דעמ כ׳ קוויטקאָנ ניט געווענ באקאָנט פונ זײַנ פערזענלעכער דערפארונג, האָט ער געדארפט דערגאנצנ זײַנ פערזענלעכע דערפארונג מיט אנדערע קוואלנ. דאָס האָט ער אָבער ניט געטאָנ. (דאָס פארלאָזנ זיכ בלויז אפ פערזענלעכער דערפארונג איז ביכלאל איינער פונ די גרעסטע „שלאקנ" פאר אונדזערע שרײַבער). איז די ארבעטער־באוועגונג ארויסגעקומענ אינעמ בוכ ליליפּוטיש, אינ א ניט־אנטוויקלטנ ראכיטישנ צושטאנד. די „בונד"־פּראָבלעמ האָט כ׳ קוויטקאָ „דיפּלאָמאטיש" אויסגעמיטנ. דער ווירקלעכער פּאָנעמ פונעמ מענשעוויזמ איז אויכ ניט באוויזנ. ניטאָ קיינ אָרגאניזאציע, קיינ אָרגאניזירטער קלאסנקאמפּ. עפּעס מײַסעס וועגנ געהיימניספולע רעוואָליוציאָנערנ, עפּעס שעמערירט פאר אונדז דורכ איינער אנ ארשינ, וואָס ווערט שפּעטער א רענעגאט. עלקע, ליאמס שוועסטער, ווערט פונ דער העלער הויט א „פּראוודיסטנ". קיינ קינסטלערישע דערקענטעניש וועגנ דער אנטוויקלונג פונ דער ארבעטער־באוועגונג, פונ דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג ביכלאל אונ אירע באוועג־קויכעס, אָנפירנדיקע טוער האָט כ׳ קוויטקאָ ניט געגעבנ.

דערצו האָט כ׳ קוויטקאָנ געשטערט אויכ דער קינסטלערישער מעטאָד, וועלכנ ער האָט אויסגעקליבנ. כ׳ קוויטקאָ האָט אריבערגעטראָגנ אינ דער סאָוועטישער ליטעראטור דעמ מעטאָד פונעמ אזוי־גערופענעמ „וואנדער־ראָמאנ", אָדער „אוואנטיורע־ראָמאנ", וואָס איז שטארק פארשפּרייט געווענ אינ דער בורזשואזער ליטעראטור אינעמ פעריאָד פונ איר קאמפּ מיטנ פעאָדאליזמ (אינ אונדזער ליטעראטור — בא מענדעלענ, סמאָלענסקינענ אונ אנד.).

געוויינלעכ, פלעגט אינ אזא ראָמאַנ געשילדערט ווערנ אנ אָרעמ יינגל, וואָס שלאָגט זיכ דורכ א וועג אינ לעבנ, וואנדערנדיק, בײַטנדיק פּראָפעסיעס. „דער העלד פונעמ ראָמאנ איז איבערגעוועגנ אינ אלע פּראָפעסיעס, איז געווענ א קאָכער, א סאָלדאט, אנ אָרעמאנ, א פּאַזש פונ א קארדינאל, א לאקיי, א סטודענט אונ א טויכער, געוואנדערט איבער שפּאניע, פראנקרײַכ, איטאליע אונ אנד. לענדער" (פריטשע, „געשיכטע פונ דער מײַרעוו־אייראָפּייִשער ליטעראטור", 1930, ז. 38). דערדאָזיקער מעטאָד אנטשפּרעכט, לויט אונדזער מיינונג, דעמ בורזשואזנ אופּאסנ די „צופעליקײַטנ" פונ דער בורזשואז־קאפּיטאליסטישער עקאָנאָמיק. דער מעטאָד פונ אונדזערנ א ראָמאנ דארפ אָפּשפּיגלענ די געזעצמעסיקע דיאלעקטיק פונ דערווירקלעכקײַט. אונדזערער א ראָמאנ דארפ געבנ דערקענטעניש וועגנ דער געזעצמעסיקער אנטוויקלונג פונ דער ווירקלעכקײַט, פונ דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג באזונדערס. אונדזער א ראָמאנ טאָר ניט שילדערנ די ווירקלעכקײַט, ווי א קייט צופעליקע עפּיזאָדנ. אָבער דידאָזיקע עפּיזאָדישע צופאל־ארטיקײַט איז אמערסטנ כאראקטעריסטיש פאר „ליאמ אונ פּעטריק", אונ דאָס פארמינערט זײַנ דערקענטעניש־ווערט. די טראָפּנס רעוואָליוציאָנערע באַוועגונג ווערנ דערטרונקענ אינעמ יאמ געשעענישנ, עפּיזאָדנ, וואָס גייענ מער אינ דער ברייט, קענענ פארלענגערט ווערנ אָנ א סאָפ.

בא א פאסיקערנ מעטאָד וועט כ' קוויטקאָ אסאכ פרוכטבארער אויסנוצנ זײַנ אָנגעזאמלטע לעבנ־דערפארונג, דערפילנדיק זי מיט דער קאָלעקטיווער דערפארונג פונעמ גאנצנ ארבעטער־קלאס.

---

רעוואָליוציע־געשיכטלעכע אופגאבעס האָט זיכ געשטעלט כ' גאָדינער אינ זײַנ ראָמאנ „דער מענטש מיטנ ביקס".

דעמ ערשטנ טייל פונעמ ראָמאנ האָט כ' גאָדינער אָנגעשריבנ נאָכ אינעמ אופשטעלפעריאָד. כ' גאָדינער האָט שוינ צו יענער צײַט גרינטלעכ רעווידירט זײַנ ראדיקאלאינטעליגענטישע „וויקועכ"־פארגאנגענהײַט, פארלאָזנ אפנ בוידעמ די קאָשמארע „פיגורנ" אונ אראָפּ אפ דער ליכטיקער סאָציאַליסטישער ערד. דאָס האָט זיכ אָפּגעשפּיגלט נאטירלעכ אפנ ראָמאנ. כ' גאָדינער האָט אָנגעשטרענגט דורכגעטראכט זײַנ שווערע אופגאבע—שילדערנ דעמ גאנג פונ דער רעוואָליוציע, אירע באַוועג-קויכעס, איר צוציִונג־קראפט פאר פארשיידענע סאָציאַלע שיכטנ אונ די באציִונג פונ פארשיידענע סאָציאַלע שיכטנ צו איר, אירע אָנפירנדיקע פערזענלעכקײַטנ אינ אירע מאסנ. כ' גאָדינער האָט זיכ אָנגעשטרענגט אָט די אלע פּראָבלעמעס באזיניקנ ווי געהעריק, אונ דאָס האָט געגעבנ רעזולטאטנ. בא אלע גרויסע פעלערנ פונעמ ראָמאנ, האָט ער אונדז דאָכ געגעבנ א פאָרשטעלונג—עמעס, אינ פיל הינזיכטנ א ראציאָנאליסטיש־סכעמאטישע אונ פארקריפּלטע—וועגנ דער דיספּאָזיציע פונ די קויכעס אינ דער רעוואָליוציע אונ פונ דער באציִונג צו איר פונ פארשיידענע סאָציאַלע שיכטנ, יידישע אונ ניט־יידישע. גאָדינערס בוכ איז צווישנ דאָס בעסטע אינ דער מיטלויפערישער ליטעראטור וועגנ דער געשיכטע פונ דער רעוואָליוציע.

זיכערער אונ לעבעדיקער האָט גאָדינער געשילדערט די סאָלדאטיש־פּויערישע מאָסע אינעמ מאָמענט פונ דער צעפאלונג פונ דער אלטער ארמיי אונ דער אויסבילדונג פונ דער רויטער גווארדיע, איר מאסנ־פּאָנעמ אונ אירע באזונדערע פערזענלעכקײַטנ, אירע באַלעגופישע עלעמענטנ—די בזשאָויקעס, די צוקונפטיקע טאָרמאָזנ פונ דער רעוואָליוציע אונ

אירע אָרעמפויערישע וואסיוטקעס אונ פראָלעטארישע וואנקע שלאָסערס, וואָס אפּ זיי האָט זיכ געשטיצט דער וויַטערדיקער מארש פונ דער רעוואָליוציע אונ איר איבערוווּקס אינ א סאָציאַליסטישער. דאָ האָט גאָדינער בעפּיירעש פארפּולט א בלויז אינ אונדזער ליטעראטור: באוויזנ אונדז פולבלוטיק־קינסטלעריש די ארבעטער־פויערשע מאסנ אינ סאָלדאטישע קליידער. מע דארפ אָבער זאָגנ: גאָדינער האָט קינסטלעריש באהערשט בלויז דעמ איבערבראָכ-מאָמענט אינ דער צארישער ארמיי. דעמ וויַטערדיקנ קאָנקרעטנ לעבנ פונעמ אויסגעבילדעטנ אָטריאד פונ דער „רויטער גווארדיע״ האָט אונדז גאָדינער ניט באוויזנ. דידאָזיקע קאָנקרעטקייַט האָט גאָדינער אויכ ניט באהערשט אינעמ צווייטנ טייל פונעמ ראָמאנ. ס'איז גענוג צו פארגלייַכנ אינ דעמ פראט דעמ „מענטש מיט דער ביקס״ מיט סעראפימאָוויטשעס „אייַזערנער שטראָמ״, אָדער פאדייעווס „צעקלאפּט״, ווו מיר זעענ אונ פילנ אזוי בולעט די טאָגטעגלעכע אויסקומעניש פונ די רויטגווארדייער, די שוועריקייַטנ אונ ווידערשפּרוכנ, זייער סאָציאַלע דיפערענצירונג, אידעאָלאָגישע פּראָצעסנ צווישנ זיי. בא גאָדינערנ איז דאָסדאָזיקע לעבנ ניטאָ. יאָגנדיק זיכ, מיט רעכט, נאָכ סינטעז, לאָזט אדורכ גאָדינער דאָס קאָנקרעטע, פארגעסנדיק בייַסמייַסע דעמ פילאָסאָפישנ שפּריכוואָרט: די פאראלגעמיינערונג אָנעמ קאָנקרעטנ איז פוסט, פונקט ווי דאָס קאָנקרעטע אָנ דער פאראלגעמיינערונג איז בלינד...

אזעלכע מאָמענטנ האָבנ מיר אויכ דעמלט, ווענ גאָדינער וויל אונדז געבנ דאָס דאָרפ אינ דעמ פעריאָד. ס'איז קלאָר: גאָדינער האָט פארשטאנענ, פולקומ באזינט זייַנ אויפגאבע — באוויַיזנ די סיבעס, וואָס האָבנ געשטויסנ דאָס פויערטומ צו דער רעוואָליוציע. ער האָט באוויזנ בידאָוועכאטקע אינ קלעמ פונ די ווייַסגווארדייער. אָבער ווי האָט ער זי באוויזנ? אָנשטאָט צו שילדערנ א קאָנקרעט דאָרפ, מיט רעאלע דיפערענציר־פּראָצעסנ, האָט ער אויסגעדיכטעט א סימוואָלישע פיגור פונ א ביבליש־פויעריש זאָקנ אפּ א פערד, וואָס דארפ פאָרשטעלנ דעמ גורל פונ בידאָוועכאטקע (דער סימוואָלישער נאָמענ!).

נאָכ גרעסערע טייַנעס קענ מענ האָבנ צו גאָדינערנ ווענג זייַנ אויפנ לייזנ די פּראָבלעם־שטעטל אונ רעוואָליוציע. אויכ דאָ זעענ מיר, אז גאָדינער איז צוגעגאנגענ צו זייַנ אויפגאבע פולקאָמ באוווסטזיניק. גאָדינער האָט פארשטאנענ, אז די שטעטל־פּראָבלעמ איז ענג פארבונדנ מיט דער גרויסער רעוואָליוציע־פּראָבלעמ, אז דאָס שטעטל איז אויכ געווענ א קויעכ אינ דער רעוואָליוציע, א קויעכ אי א פּאָזיטיווער, אי א נעגאטיווער — זי האָט ארויסגעגעבנ פונ זיכ אי פעפערס יאטנ, אי פעטליורעס ייִדישע מיטהעלפער־באנדיטנ. גאָדינער האָט זייער ריכטיק געטאָנ, וואָס ער האָט די שטעטל־פּראָבלעמ אייַנגעפלאָכטנ אינ דער אלגעמיינער רעוואָליוציע־פּראָבלעמ. אָבער, ווידעראמאָל, וויאזוי האָט ער זי אייַנגעפלאָכטנ? אָנשטאָט צו באוויַיזנ אונדז א לעבעדיק קאָנקרעט שטעטל, מיט קאָנקרעטע מאסנ, מיט קאָנקרעטע דיפערענציר־פּראָצעסנ צווישנ אָט די מאסנ — האָט גאָדינער אויסגעכאָלעמט פארסימוואָליסט־סטיליזירטע געשטאלטנ (דאָוויד — טאָמאָר — דינע), וואָס גיבנ אונדז ניט קיינ לעבעדיקע קינסטלערישע דערקענטעניש פונ דעמ, וואָס עס האָט זיכ געטאָנ אינעמ פעריאָד פונעמ גוואלדיקנ אופבראָכ אונ איבערבראָכ. די ייִדישע בורזשואזיע (די מישפּאָכע מאנדל) גייט בא גאָדינערנ אונטער ניט אינ רעזולטאט פונ דער סאָציאַלער רעוואָליוציע, נאָר אינ רעזולטאט פונ דער „מעגילע פונ ייִדישנ פּייַנ״ פונ די ערשטע יאָרנ וועלט־מילכאָמע (אזוי האָט זיכ באקומענ אָביעקטיוו, כאָטש סוביעקטיוו האָט גאָדינער בעפּיירעש געוואָלט דעמאסקירנ די ייִדישע בורזשואזיע). דאָוויד, וואָס דארפ פאָרשטעלנ דאָס אָרעמע קליינ־

בירגערטום און זײַן שטעלונג צו דער רעוואָליוציע, איז עפּעס אָפּגעריסענע און טראַקטירט אינטעליגענטיש־אבסטראַקט, אָנגעפילט מיט „סוביעקטיוון" פסיכאָ־אידעאָלאָגישן אינהאַלט, וואָס אנטשפּרעכן לאַכלוטן ניט זײַן סאָציאַלן ראַנג... דעריבער האָט זיך גאָדינערן אויך ניט אײַנגעגעבן צונויפשמעלצן די ביידע פּראָבלעמעס — רעוואָליוציע און שטעטל — אין איין פאַרגאַנצטער רעוואָליוציע־פּראָבלעם. פאַר גאָדינערן איז אויך געשטאַנען די אָנפירונג־פּראָבלעם. גאָדינער האָט פאַרשטאַנען, אַז די מאַסן־סטיכיע אַליין מאַכט ניט קיין רעוואָליוציע, אַז ס'איז נייטיק א פעסטע אָנפירנדיקע האַנט פונעם פּראָלעטאַרישן אוואַנגאַרד — פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי. גאָדינער האָט פאַרשטאַנען, אַז ס'איז אוממעגלעך צו באַשאַפן א בוך וועגן דער רעוואָליוציע, ניט לייזנדיק די אָנפירונג־פּראָבלעם. די באָלשעוויקעס־פיגורן הערש און אָקון האָבן אין גאָדינערס פּלאַן געזאָלט לייזן דידאָזיקע אָנפירונג־פּראָבלעם. אָבער דער אַלגעמיינער שעפערישער מעטאָד האָט דידאָזיקע פיגורן טיילווײַז געשאַדט. אָקון איז אַרויסגעקומען בלאַסלעך. נאָר אויך הערש — די צענטראַלע פיגור פונעם ראָמאַן, — וועלכער האָט זיך גאָדינערן אײַנגעגעבן — לעבט ניט אויף פאַר אונדז, ווי א פירער. ער איז באַוויזן אין זײַנע אַליִע־ און יערידע־שטימונגען (הערש, דער געוועזענער אַרבעטער, איז דורך גאָדינערן טיילווײַז פאַראינטעליגענטישט), ער איז באַוויזן ווי א סטראַטעג אין רעוואָליוציאָנערע שלאַכטן, ער איז אָבער ניט באַוויזן אין באַציִונגען מיט מאַסן, אין פסיכאָ־אידעאָלאָגישער אָנפירונג מיט מאַסן.

אין גאָדינערס אַקטיוו דאַרף מען פאַררעכענען די ראָזנפעלד־געשטאַלט, די געשטאַלט פון א ייִדישן קליינבירגערלעכן סאָציאַליסט, וואָס כאָלעמט וועגן דער רעוואָליוציע און איז אינדערעמעסן א באַלעבאַטישער יונגערמאַן, וואָס סע ציט אים צו זײַן בורזשואַזן שוירעש. אָבער אויך דאָ האָבן מיר טײַנעס צו גאָדינערן. דער מענשעוויזם איז בא אים אַרויסגעקומען צו צעקראָכן, פּאַסיוו. ער האָט ניט באַוויזן דעם מענשעוויזם אין זײַן גאַנצער אַקטיווער קאָנטער־רעוואָליוציאָנערער טעטיקייט. עס פילט זיך אויך א היפּשער פיזיאָלאָגישער פּלאַסט, וואָס גאָדינער האָט אָנגעשיכטעט אי אויף הערשן, אי אויף ראָזנפעלדן, באַזונדערס אויפן לעצטן, פונקט, ווי די פּראָבלעם — באָלשעוויזם און מענשעוויזם — וואָלט געווען א פּראָבלעם פון פיזישער שוואַכקייט און שטאַרקייט.

---

מיר וועלן פאַרענדיקן דעם קאַפּיטל מיט אייניקע באַטראַכטונגען וועגן בערגעלסאָנס אויפטוען אינעם רעוואָליוציאָנער־געשיכטלעכן געביט.

מיר וועלן אָנהייבן פון „מידאַס־האַדינ". „מידאַס־האַדינ" איז, אייגנטלעך, ניט קיין רעוואָליוציאָנער־געשיכטלעכער ראָמאַן אין זין פון שאַפן א קינסטלעריש־געשיכטלעכע קאָנצעפּציע פון דער רעוואָליוציע. דער ראָמאַן שילדערט בלויז אן עפּיזאָד פונעם בירגערקריג אין א גרענעץ־שטאָט, אָבער בערגעלסאָן דער קינסטלער, וואָס האָט געבראַכט פון פאַר דער רעוואָליוציע א גרויסע אייגענע ירושע פון סינטעזירונג־ און פאַראַלגעמיינערונג־געוווינהייטן, האָט פאַרשטאַנען, אַז ער דאַרף אויך אין דעמדאָזיקן קליינעם עפּיזאָד אין א גרענעץ־שטאָט אָפּשפּיגלען די סיטואַציע פון די קלאַסן־קויכעס אין די אָנגעשטרענגטע יאָרן פונעם בירגער־קריג, די קעגנשײַכעס צווישן דער רעוואָליוציע און פאַרשיידענע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. און ער האָט עס געפּרוווט קינסטלעריש פאַרווירקלעכן. פון דעם שטאַנדפּונקט האָט דער ראָמאַן א גרויסן אינטערעס פאַר אונדזער טעמע.

פאר בערגלסאָנען זײַנען אזוי ארום געשטאנענ דיזעלביקע אכרײַעספולע אופגאבעס, וואָס פאר גאָדינערנ. אָבער פאר בערגלסאָנענ, איז די אופגאבע געווענ א פיל שווערערע. „מידאס-האדינ" האָט באטײַט אנ איבערבראָכ אינ בערגלסאָנס בורזשואזער פסיכאָ-אידעאָלאָגיע, אָבער דער איבערבראָכ איז דערווײַל געווענ א בעײַנבריירעדיקער. „יעדערער, מיט וועמענ עס קומט דאָ אויס האָבנ צו טאָנ, האָט זיכ זײַנ אײגנ ווערימדיק „שטיקל געריכט", אונ פאראנ דער גרויסער „געריכט" פונ דער רעוואָליוציע, אונ אָט—איצט ברענט ער מיט אלע זײַנע פלאמענ דער גרויסער געריכט" („מידאס-האדינ", ז. 232). דער „גרויסער געריכט" איז שטארקער אונ מע מוז זיכ אונטערגעבנ. אינ „מידאס-האדינ" איז פאר בערגלסאָנענ די רעוואָליוציע נאָכ ניט קײנ „איכ וויל", נאָר א „איכ מוז". די רעוואָליוציאָנערע „פרײַהײַט אלס אנערקענטע נויטווענדיקײַט" האָט נאָכ דעמלט בערגלסאָנ ניט דעראָבערט פאר זיכ. די רעוואָליוציע-פילאָסאָפיע פונעמ ראָמאנ איז א דורכויסיק-פאטאלי-סטישע. „אָט באווײַזנ זיכ דאָרטנ זײער הויכ די ערשטע אָנגעצונדענע פײַערלעכ, זײ זײַנענ קאלטע פײַערנ פונ מידאס-האדינ, פײַערנ פונ עפעס א מאָדנע נײַער שטרענגער וועלט" (77). „עס פינקלענ דאָרט נאָכ פונ באנאכט. אָנ קאלטע שטילע פײַערנ, וואָס לײַכטנ ארײַנ מיטנ באנאכטיקנ מידאס-האדינ אינ גרוי-ווערנדיקנ טאָג ארײַנ" (166). די רעוואָליוציע, די דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט איז א בלינדער געזעצ, וואָס קײנער קענ קעגנ אימ ניט בײַשטײנ, א קאלטער געזעצ, אונ פונ דאנ איז דער אויספיר: צעדעק-האדינ, די רעוואָליוציע איז גערעכט אונ איר מישפעט איז גערעכט, ניטאָ וואָס צו מאכנ.

אָט דידאָזיקע רעוואָליוציע-פילאָסאָפיע האָט אפ א הארטנ „מידאס-האדינישנ" אויפנ געווירקט אפ דער גאנצער אויספאָרמירונג פונ דער קויכעס-דיספאָזיציע אינעמ ראָמאנ.

דער שטרענג-שווײַגנדיקער, הארטער אונ כמורנער פיליפאָוו, דער אײנזאמער פיליפאָוו, איז די פערזאָניפיצירונג פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור, דער באלעבאָס פונ די קאלטע פײַערנ פונ „מידאס-האדינ" (ז. 77), פונעמ גרוילעכנ רעוואָליוציע-געזעצ. אָבער די פראָלעטארישע דיקטאטור איז ניט קײנ געזעצ פונ א גרויזאמענ דיקטאטאָר, מעג ער אפילע זײַנ א געוועזענער שאכטיאָר. אָט וואָס כ' לעניג האָט געשריבנ וועגנ דיקטאטור:

„דיקטאטור באטײַט—אנ אומבאגרענעצטע מאכט, וואָס שפארט זיכ אָנ אפ קראפט אונ ניט אפ א געזעצ. אינ דער צײַט פונ בירגער-קריג קענ יעדע זיגנדיקע מאכט זײַנ בלויז א דיקטאטור. נאָר די זאכ איז אינ דעמ, וואָס ס'איז פאראנ א דיקטאטור פונ דער מינדערהײַט איבער דער מערהײַט, פונ א פאָליצײַישנ הײַפל איבערנ פאָלק, אונ ס'איז פאראנ א דיקטאטור פונ דער גיגאנטישער מערהײַט איבער דעמ הײַפל פארגוואלטיקער, בארויבער אונ אוזורפאטערנ פונ דער פאָלקמאכט" (ווערק, ערשטע אויסג., ב. 17, ז. 359).

אונ ספעציעל וועגנ דער פראָלעטארישער דיקטאטור:

„אפ וואָס האָט זיכ אָנגעשפארט אָט די קראפט? זי האָט זיכ אָנגעשפארט אפ דער פאָלקמאסע. אָט דאָס איז דער גרונטיקער אונטערשייד פונ דער נײַער מאכט פונ אלע פריערדיקע אָרגאנענ פונ מאכט. יענע זײַנענ געווענ אָרגאנענ פונ דער מאכט פונ דער מינדערהײַט איבערנ פאָלק, איבער דער מאסע ארבעטער אונ פויערימ, די זײַנענ די מאכט-אָרגאנענ פונ פאָלק, פונ די ארבעטער אונ פויערימ איבער דער מינדערהײַט,— די נײַע מאכט, ווי די דיקטאטור פונ דער אומגעהײַערער מערהײַט האָט זיכ געקענט האלטנ אונ זיכ געהאלטנ אויסשליסלעכ אדאנק דעמ צוטרוי-

פון דער אומגעהייערער מאסע, אויסשליסלעכ אדאנק דעמ, וואָס זי האָט צוגעצויגנ אפנ סאמע פרײַסטנ, אפנ סאמע ברייטסטנ און אפנ סאמע שטארקסטנ אויפנ די גאנצע מאסע צום אָנטייל אינ דער מאכט". (דאָרטנ, ז. 359).

אָט דאָס איז די ווירקלעכע געשטאַלט פונ דער פּראָלעטארישער דיקטאטור.

אינ „מידאס־האדינ" אָבער איז ארומ פּיליפּאָוונ ניטאָ קיינ מאסנ, ניט קיינ ארבעטער ניט קיינ פּויערים. פונ דעמ נעמט זיכ זײַנ טויטקײַט, סכעמאטישקײַט. „די לעבעדיקע קאָנקרעטע באָלשעוויקעס, וואָס גייענ איבער די גאסנ, ארבעטנ אינ דער פּארטיי, אינ די פּראָפּאראיינענ, זײַנענ פיל טיפער, אינטערעסאנטער, טיפּישער אינ רעאלנ לעבנ, ווי מיר שילדערנ זיי",—אזוי האָט געשריבנ פאדייעוו וועגנ די געשטאלטנ פונ די באָלשעוויקעס אינ דער רוסישער ליטעראטור, געמיינט אויכ זײַנ אייגענעמ לעווינסאָנען פונ „ראזגראָמ" נאָכמער האָבנ אָט די ווערטער א שײַכעס צו פּיליפּאָוונ. מיר זעענ אימ ניט בא קאָנקרעטער, לעבעדיקער, באָלשעוויסטישער ארבעט. פּיליפּאָוו איז א פּראָדוקט פונ דער ניט ריכטיקער רעוואָליוציע־פּילאָסאָפיע. פונ אָט דער פּילאָסאָפיע קומט אויכ די סוביעקטיוו־אידעאַליסטיש־פּסיכאָלאָגיסטישע אויסטראכטעניש בערגלסאָנס וועגנ פּיליפּאָווס לעצטנ אקט פונ מעסיראס־נעפעש, וואָס האָט לאכלוטנ ניט צו טאָנ מיט ווירקלעכ־באָלשעוויסטישער רעוואָליוציאָנערער טעטיקײַט.

אזוי־ארומ זעענ מיר, אז די גרונטיקע קויכעס פונ דער רעוואָליוציע—די ארבעטער־ און פּויערים־מאסע—האָט בערגלסאָנ ניט באוויזנ, די פּראָבלעמ פונ פּראָלעטארישער דיקטאטור, אפ אזא אויפנ, ניט געלייזט.

ווי פאר גאָדינערנ, אזוי איז אויכ פאר בערגלסאָנענ געשטאנענ די פּראָבלעמ—שטעטל און רעוואָליוציע, און מע דארפ קאָנסטאטירנ, אז דאָס שטעטל האָט בערגלסאָנ געשילדערט קאָנקרעטער און לעבעדיקער, ווי גאָדינער. דאָ האָבנ מיר די געשטאלטנ פונ די נעגידימ (כײַקל בערעזאָווסקי, ארנ לעמבערגער), געשטאלטנ פונ האָרעפּאשניקעס, געשטאלטנ פונ ארבעטער, קליינבירגערלעכע אינטעליגענצ. באמ לייענער אינ זיקאָרנ פארקריצט זיכ דער בילד, ווי כײַקל בערעזאָווסקי הערט זיכ צו צו דער מוזיק, וואָס טראָגט זיכ פונעמ קלוב, וועלכער איז אײַנגעאָרדנט געוואָרנ אינ זײַנ שטוב. „וואָס שטארקער דער געזאנג איז געוואָקסנ, אלצ מער האָט די בענקשאפט געזויגנ אונטערנ לעפּעלע און צוזאמענ מיט איר איז געוואָקסנ אינ אימ דער ווּנדער און דער פארדרוס, וואָס קיינעמ פונ די ארומיקע ארט עס ניט:

— זע נאָר?! קיינער שנעלט זיכ אפילע ניט אײַנ...

— זע נאָר?! מע האָט נאָכ דערפונ ווי האנאָע". (222).

דאָ האָט בערגלסאָנ ריכטיק אָנגעטאפּט דעמ דויפּעק, דערפילט די האנאָע, וואָס די אונטערדריקטע יידישע אָרעמקײַט האָט געהאט פונ די מאָסמיטלענ פונ אָקטיאבער, עפּשער געשראָקנ זיכ, ווי פאר עפּעס נײַס און אומקלאָרס, אָבער אינ די טיפענישנ דאָכ האנאָע געהאט: פּאָטער געוואָרנ פונ די בערעזאָווסקיס... דידאָזיקע אופוואכנדיקע אָקטיאבער־האנאָע האָט אונדז בערגלסאָנ באוויזנ אינ דער געשטאלט פונ דעמ געוועזענעמ באלעגאָלע כעזקל שפּאק, וואָס האָט זיכ געייסעקט ארומ קלוב, ווי גאָר א נאָענטער מעכוטנ, געפארבט פאר די „כעוורע" לײַלעכער אפ רויט, געשלעפּט די קלעזמאָרימ. אויכ אינ דער געשטאלט פונ מוישע וואָלאָוויקנ, זעמ פארדײַגעטנ וואלד־מענטשנ, וואָס „ביסלעכווײַז איז ער אלעמאָל צוגעגאנגענ נעענטער, ביז ער האָט אליינ אָנגעהויבנ אונטערצוהאלטנ א פלאָקנ, ארומ

וועלכן מע שיט ערד און מע טרעט מיט די פיס״ (220) און אפ אזא אויפן אויך זיך דערפילט, ווי א שטיקל מעכוטן אפ דער נײַער כאסענע... דאָס איז די לעבעדיקע האַנאָע וואָס כײַקל בערעזאָווסקי האָט זי באמערקט און האָט פון דעם געהאט גרויס אגמעס־נעפעש... ס׳פארקריצט זיך אויך אין זיקאָרן די געשטאלט פון דעם האָרעפּאשניק שמועלי־וואָלציס, וואָס פון אונטער זײַן גראָבער קליינבירגערלעכער קאָרע הייבט אָן ארויסשלאָגן דער פון דוירעס אָנגעזאמלטער האס צו די נעגידים, צו די בלוטזויגער. (ז.ז. 163—165) דאָס אלץ איז געגעבן געוואָרן קארג, רעמאָזימדיק, אָבער דעם געזעלשאפטלעכן דויפעק פון דעם האָרעפּאשנעם אָרעמען קליינבירגערטום נאָך דער רעוואָליוציע האָט בערגלסאָן דאָך דערפילט.

ערגער איז, וואָס די „עמעסע מעכוטאָנים״ אין דער רעוואָליוציע, די ארבעטער, זײַנען אינעם ראָמאן קוים־קוים אָנגעמערקט געוואָרן. עפעס א מיידל אָ שנײַדערקע מיט א „קלוגן נעזל״, עפעס „איינינקע ארבעטער״ און גאָר... אין דעם ווינקל איז בערגלסאָנס פענדזל דערווײַל נאָך אָנמעכטיק.

וואָס איז נעגייע די דירעקטע קלאסן־סאָנים, דארף מען זאָגן אָט וואָס: די ייִדישע בורזשואזיע האָט שוין א מאזל צו די שרײַבער: זי ווערט געשילדערט (אין בעסטן פאל) אלס פאסיווער פײַנטלעכער קויעך. אויך בא בערגלסאָנען איז אזוי: די בורזשואזיע איז געשילדערט דערשלאָגן־פאסיוו, אין דער געשטאלט פון ארן לעמבערגער, אפילע טיילווײַז אידעאליזירט. בערגלסאָן האָט אים געלאָזט שטארבן אין דער סאָוועטישער טורמע אין א פאָזע פון א שיינעם געטלעכן ייִדן. די געשטאלט פון ארן לעמבערגער איז אויסגעפאָרמירט געוואָרן לויט דער רעוואָליוציע־פילאָסאָפיע וועגן די „שטרענגע און קאלטע פײַערלעך פון מידאס־האדינ״. אזוי איז זיך מיסוואדע לעמבערגער פארן טויט, באַם פראָווען אין טורמע די פרײַטיק־צונאכטיקע סודע: „א מענטש קאָן זיך ניט א קלאפּ טאָן א פינגער אונטן, סײַדן מע איז גויזער אפ אים אויבן. „זיי״ זײַנען מער ניט ווי שליכים. איך האָב קיין טײַנעס ניט. מיסטאָמע האָב איך פארדינט. זאָל מײַן טויט זײַן א קאפּאָרע אפ אלע מײַנע זינד״ (125). בערגלסאָן האָט פארשטאנען די אידעאלאָגישע געפאר, וואָס לויערט פון אָט דער ווידע פון א בורזשואזן ספעקוליאנט און האָט צום סאָף קאפּיטל צוגעגעבן, אז אין דער לעצטער מינוט, איידער מע האָט אים ארויסגעפירט פון קאמער, האָט ארן לעמבערגער איבערגעגעבן אהיים, ווו ער האָט באהאלטן די וואליוטע. דאָס האָט אים געזאָלט דעמאסקירן, אָבער ס׳האָט לאכלוטן ניט די קראפט. אזוי האָט בערגלסאָן, און ניט בלויז ער, געשילדערט די ייִדישע בורזשואזיע אין דער רעוואָליוציע, און דאָס איז אין דער צײַט, ווען מיר האָבן הונדערטער פאקטן וועגן דעם אָנטייל פון דער ייִדישער בורזשואזיע, איר יוגנט, אין די פעטליורישע באנדעס, מעלוכישע אנשטאלטן, ארמייען.

אין א מער אקטיווערער קאָנטער־רעוואָליוציאָנערער ראָל האָט בערגלסאָן באוויזן די באלעגופיש־עסערישע אינטעליגענץ, כאָטש אויך דאָ איז בערגלסאָן געשטרויכלט געוואָרן אין אידעאליזירן די פארגאנגענהײַט פון די עסערן, וואָס האָבן זיך „אין פארלויף פון צענדליקער יאָרן געלאָזט הענגען אפ אלערליי טליִעס״ אין נאָמען פון פויער. דאָ האָט בערגלסאָן ווידעראמאָל באוויזן, אז ער איז ניט באוואָפנט מיט לעניניש פארשטיין די געשיכטע פון דער רוסישער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג, מיטן לענינישן אָפּשאצן דעם עסעריזם אלס קולאקישע אידעאלאָגיע פון טאָמיד אָן. דאָס האָט אים אויך געשטערט אין אויספאָרמירן די ספּיוואק־פיגור, דעמאסקירן אין אים זײַן בורזשואזן טאָך. אָנשטאָט

דעמאַסקירן אים, האָט בערגעלסאָן דורך א סוביעקטיוו־פּסיכאָלאָגיסטישער פּרוזשינקעלע אים געמאַכט פאַר א באָלשעוויק אין איין „קעהערעפּ־אַיַנ״...

מע דאַרף לעסאָף אויך פאַרצייכענען, אַז בערגעלסאָן האָט לאַכלוטן אויסגעמיטן צו שילדערן ייִדישע פּאַרטייען, זייער ראָל. דער „בונד״ און אַנדערע קלייןבירגערלעך־סאָציאַליסטישע פּאַרטייען ווערן דאָ אפילע ניט דערמאָנט, זייער קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע טעטיקייט ניט אויפגעדעקט.

אין סאַכאַקל דאַרף מען אָבער קאָנסטאַטירן, אַז די דיפערענציר־ליניע אין דער ייִדישער סוויווע נאָך אָקטיאַבער האָט בערגעלסאָן, פּונקט ווי גאָדינער, דאָך אָנגעמערקט, און דאָס איז שוין אויך א גרויסער פאַרדינסט. אין בערגעלסאָנס אַקטיוו דאַרף מען אויך פאַרשרייַבן דעם פאַקט, וואָס ער האָט זיך ניט פאַרנומען מיט נאַציאָנאַליסטישע פּאָגראָם־שילדערונגען. פאַר בערגעלסאָנען איז „מידאַס־האַדינ״ געווען א ליכטיקער אָנהייב פון א נייַעם באַרג־אַרוף צו סאָוועטישער ווידערגעבורט.

פון „מידאַס־האַדינ״ איז בערגעלסאָן, פאַרטיפערנדיק זייַן סאָוועטישע איבעראָריענטאַציע, געקומען צום „באַם דניעפּער״. מיט דעמדאָזיקן ווערק זייַנעם איז בערגעלסאָן צוגעטראָטן צו א גרויסער געשיכטלעך־קינסטלערישער עפּאָפּייע, וואָס זאָל אַרומכאַפּן א טקופע פון גאַנצע 50 יאָר, אין גרונט, פאַרשטייט זיך, די געשיכטע פון דער רעוואָליוציע. דאָס איז א גראַנדיעזע רעוואָליוציאָנער־געשיכטלעכע אויפגאַבע, וואָס איז פאַר די קויכעס פון בערגעלסאָנען, דעם גרויסן קלאַסישן מייַסטער, וועלכער האָט אַליין דידאָזיקע טקופע דורכגעמאַכט. דערווייַל האָבן מיר בלויז דעם ערשטן טייל פון דערדאָזיקער עפּאָפּייע, אָבער שוין פון דעם טייל איז קלאָר, אַז אַדאַנק זייַן דערנענטערן זיך צו דער וועלטאָנשויונג פון פּראָלעטאַריאַט, האָט זיך בערגעלסאָן אויפגעהויבן אַפּ א נייַער קינסטלערישער הייך, וואָס האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט פונדאַסנייַ איבערשאַצן אַלע ביז איצטיקע קינסטלערישע ווערטן פון דער ייִדישער בורזשואַז־קלאַסישער ליטעראַטור, פון זייַן אייגענער יערושע. די גרויסקייט פון „באַם דניעפּער״ דאָס איז גרויסקייט פון נייַער דערקענטעניש. דאָס שטעטל, וואָס מענדעלע האָט געשילדערט, ווי א נאַציאָנאַלע קאַפּצאַנסק־פּראָבלעם, וואָס אש האָט זי געשילדערט, ווי א סאָציאַלע אידיליע און וואָס בערגעלסאָן אַליין האָט זי געשילדערט, ווי א בייסאַלמען פון אינטעליגענטיש־אינדיווידואַליסטישער נאָגעניש און פּייַן—דאָס שטעטל האָט איצט בערגעלסאָן באַוויזן אין א נייַער שייַן, דערגרייכנדיק א גוואַלדיקע הייך פון קינסטלערישער דערקענטעניש. בערגעלסאָן האָט איצט באַוויזן דאָס שטעטל, ווי א סאָציאַל־אַנטאַגאָניסטישן אָרגאַניזם און דערמיט צום ערשטן מאָל דערהויבן זי צו א סאָציאַלער וועלט־פּראָבלעם, צו וועלט־מאַסשטאַבן. ס׳וועט, דוכט אונדז, ניט זייַן קיין פּאַראַדאָקס, אויב מיר וועלן זאָגן, אַז בערגעלסאָן האָט צום ערשטן דאָס שטעטל אַרויסגעפירט אַפן ברייטן שליאַך פון דער וועלט־ליטעראַטור. און גראָד אָן קונצן, אָן מאָדערניסטישע וועלט־פּראָבלעמעס, וואָס אַנדערע ייִדישע שרייַבער האָבן געוואָלט דורך זיי דערהייבן דאָס שטעטל, נאָר דורך רעוואָליוציאָנערן אויפדעקן דעם טיפן מעהוס פון דעם שטעטלשן סאָציאַלן זייַן.

אָבער באַם שילדערן די סאָציאַלע געשטאַלט פונעם פאַר־רעוואָליוציאָנערן שטעטל, האָט בערגעלסאָן דערלאָזט א וויכטיקן געשיכטלעכן פעלער: ער האָט זיך ביז גאָר ווייניק פאַרנומען מיט די אויפקומענדיקע אַרבעטער־שיכטן (און אַרום זייַנען דאָך שוין געווען פאַבריקן און זאַוואָדן), און, דעריקער, אינגאַנצן אויסגעמיטן דאָס געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע

לעבנ, באַוועגונגענ, פּאַרטייענ־קאַמפּ, וואָס מיט זיי איז שוינ דער פּעריאָד—די 80—90־קער יאָרנ—געווענ היפּש רײַכ. מיט דעמ האָט בערגעלסאָנ אינ א געוויסער מאָס פאַרויסערהיסטאָרישט דעמ ראָמאַנ, אונ דאָס האָט געבראַכט צו א צווייטנ באַדײַטנדיקנ פעלער. אינ דעמ טייל האָט זיכ בערגעלסאָנ געשטעלט פאַר א ציל באַווײַזנ דעמ „העלד פונ אונדזער צײַט“ אינעמ פּראָצעס פונ זײַנ פאַמעלעכדיקנ ווערנ, פענעקס סאָציאַלע אויספאָרמירונג, די דערוואַכונג פונ זײַנ סאָציאַלנ באַוווסטזײַנ. איז אָנשטאָט צו באַווײַזנ פענעקנ, ווי ער ווערט אויסגעפאָרמירט אונטער דער ווירקונג פונ פאַרשיידענע סאָציאַלע צוגווינגטנ, אונטער דער ווירקונג פונעמ אַרומיקנ קלאַסנקאַמפּ, פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכנ קאַמפּ (דער איינציק־ריכטיקער צוגאַנג צו דער פּראָבלעמ פונ דער אויספאָרמירונג פונעמ סאָציאַלנ מענטשנ), האָט בערגעלסאָנ גענומענ פאַר אַנ אויסגאַנג־פּונקט פענעקס דערנידעריקטע לאַגע אינ זײַנ גווירישער מישפּאָכע. דערמיט האָט ער איבערגעפירט די גאַנצע פּראָבלעמ פונ געשיכטלעכ־סאָציאַלע רעלסנ אַפ מישפּאָכע־רעלסנ. אינעמ ווײַטערדיקנ גאַנג פונעמ בוכ באַווײַזט יאָ בערגעלסאָנ סאָציאַלע אָפּווירקונגענ אַפ פענעקנ, אָבער שוינ ווי באַדינגטע פונ דעמ גרונט־פאַקטער, באַאַרבעטע פונ זײַנע מישפּאָכע־באַליידיקונגענ, אָט די ביידע פעלערנ, וואָס זײַנענ פאַרבונדנ איינער מיטנ אַנדערנ, האָבנ אינ א געוויסער מאָס פאַרמינערט דעמ דערקענטעניש־ווערט פונעמ בוכ. זיי שטאַמענ פונ ניט גענוגנדיקער מאַרקס־לענינישער באַוואָפנטקײַט, וועלכע איז אומבאַדינגט נייטיק פאַר אזא קאָלאָסאַלער געשיכטלעכ־קינסטלערישער עפּאָפּייע.

מיר באַנוגענענ זיכ מיט אָט דער באַמערקונג, וואָס האָט א דירעקטע שײַכעס צו אונדזער טעמע, ווײַל, ווי געזאָגט, איז אינ דעמ טייל קיינ דירעקטע רעוואָליוציע־געשיכטע נאָכ ניטאָ.

מיר קענענ שוינ איצט מאַכנ אייניקע פאַראַלגעמיינערונגענ אונ סאַכאַקלענ. קוידעמקאָל וועגנ

## די באַוועג-קרעפטנ פונ דער רעוואָליוציע

פאַרסאַכאַקלענדיק די דערגרייכונגענ פונ דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור בענעגייע אָט דער גרונטיקער פּראָבלעמ, דאַרפ מענ קאָנסטאַטירנ:

וועגנ דער „ערשטער קראַפט“ פונ דער רעוואָליוציע, וועגנ פּראָלעטאַריאַט, אונ וועגנ דער מאָראַלישער הילפ אונ שטיצע, וואָס עס האָט אַרויסגעוויזנ דעמ רוסישנ פּראָלעטאַריאַט, דער פּראָלעטאַריאַט פונ אַלע פאָרגעשריטענע לענדער אינ אייראָפּע—וועגנ אָט דער וויכטיקער קראַפט, וואָס כ׳ לענינ האָט זי אַוועקגעשטעלט אַפנ ערשטנ אָרט [1], איז אינ אונדזער קינסטלערישער ליטעראַטור קיינ וואָרט ניטאָ. אונ אינ דעמ געביט האָט די יידישע סאָוועטישע ליטעראַטור געקענט פיל מער אופטאָנ. דאָ האָט נאָכ אונדזער ליטעראַטור צו צאָלנ א גרויסנ כויוו.

בעפיירעש גוטע אָנהייבנ פאַרמאָגנ מיר אינ די שילדערונגענ פונ דער „צווייטער קראַפט“ פונ דער רעוואָליוציע—פונעמ קליינבירגערטומ ביכלאַל אונ פויערימ ביפראַט. די שרײַבער ברעגמאַנ, גאָדינער אונ אַנד. האָבנ אינ זייערע ווערק אָפּגעשפּיגלט די יוירונג

1) זע לענינ, ווערק, ב. 18. אויסג. 1924, ערשטער טייל, ז. 175—176.

אין די פֿויערשע מאַסן ערעוו און נאָך פּעווראַל. כאַריק, פּעפּער, ראַבין, דאַניעל און אַנד. האָבן אין זייערע ווערק באַוויזן, ווי די האַרעפּאַשנע הינטער־געסלעך זײַנען אַוועק שלאָגן זיך פֿאַר דער רעוואָליוציע. בײַ בערגעלסאָנען, דאַניעלן, גאָדינערן, דאַלגאָפּאָלסקען האָבן מיר שילדערונגען, כאָטש סכעמאַטישע, פֿון די דיפֿערענציר־פּראָצעסן אין דער ייִדישער קליינבירגערלעכער סוויווע. נאָר אויך דאָ פֿעלט נאָך זייער פֿיל. קיין סינטעטיש־קאָנקרעטע ווערק וועגן די דיפֿערענציר־פּראָצעסן, איבערגרופּירונגען, פּאַרטייען־קאַמף צווישן די ברייטע מאַסן נאָך דער רעוואָליוציע פֿאַרמאָגן מיר נאָך ניט. די „פֿאַרשפּעטיקונג־טעאָריע“ וועגן דער באָלשעוויזיזאַציע פֿון די ייִדישע אַרבעטער־מאַסן איז נאָך קינסטלעריש ניט דעמאַסקירט געוואָרן. אָבער גוטע אָנהייבן זײַנען בעפֿיירעש פֿאַראַן.

וואָס איז שײַעך דער „דריטער קראַפֿט“—די קלאַסן־סאָנים פֿונעם פּראָלעטאַריאַט און זײַן רעוואָליוציע, די פּריצים און קאַפּיטאַליסטן, איז די ערשטע, די פּריצים, זײַנען אין דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור קימאַט ווי ניטאָ (מיט אַן אויסנאַם פֿאַר גאָדינערס ראָמאַן „דער מענטש מיט דער ביקס“). דערפֿאַר איז די בורזשואַזיע גראָד געשילדערט אין אַ גרויסער מאָס, און אין גרעסטן טייל בעפֿיירעש אין אַ סאָציאַל־דעמאַסקירטער געשטאַלט. גאָדינער, מאַרקיש, בערגעלסאָן, ראַבין, קוויטקאָ און אַנד. האָבן אין זייערע ווערק געשאַפֿן אַ רײַכע גאַלעריי געשטאַלטן פֿון קאַפּיטאַליסטן אין דער ראָל פֿון עקספּלואַטאַטאָרן פֿונעם אַרבעטער־קלאַס, פֿון די אַרבעטנדיקע ביכלאַל, און מאָראַליש צעפֿוילטע און דעגענערירטע. אָבער, ווי עס איז שוין אָנגעוויזן געוואָרן, איז די בורזשואַזיע קימאַט אין אַלע ווערק געשילדערט געוואָרן בלויז ווי אַ פּאַסיווער סוינע פֿון דער רעוואָליוציע, פֿון איר געיאָנט און פֿאַריאָגט. דער שרײַבער, וואָס וועט זיך נאָך אומקערן צו דער רעוואָליוציאָנער־געשיכטלעכער טעמע, וועט דאָ דאַרפֿן אַרײַנטראָגן אַ גרויסן קאָרעקטיוו, אויסגעשטאַלטן די ייִדישע בורזשואַזיע אין איר ווירקלעכער אַקטיווער קאָנטער־רעוואָליוציאָנערער געשטאַלט.

די פּראָבלעם פֿון שילדערן די דיקטאַטור פֿון פּראָלעטאַריאַט אין דער געהעריקער מאַרקס־לעניניסטער שײַן, ווי אַ דיקטאַטור, וואָס שטיצט זיך אַף אומגעהײַערע מאַסן און פֿירט אָן מיט דידאָזיקע מאַסן, אָט די פּראָבלעם האָט די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַטור, און ניט בלויז די ייִדישע, נאָך ניט באַוויזן צו לייזן. אין זײַן אַרטיקל וועגן זײַן בוך „דער אײַזערנער שטראָם“ האָט סעראַפֿימאָוויטש אָפֿנהאַרציק אָנערקענט, אַז דידאָזיקע פּראָבלעם איז אים ניט געלונגען צו לייזן. „איך האָב ניט געוויזן, ווי דער פּראָלעטאַריאַט פֿירט אָן מיטן פּויערטום. איך האָב דערלאָזן אָט דעם פֿעלער דערפֿאַר, וואָס איך האָב שקלאַפֿיש נאָכגעפֿאָלגט נאָך די געגעבענע קאָנקרעטע געשעענישן, און אין זיי האָבן די אַרבעטער געשפּילט אַ קליינע ראָל. איך האָב געדאַרפֿט באַווײַזן די אַרבעטער אין אַן אָנפֿירנדיקער ראָל. דאָס איז אַ גרויסער פֿעלער“. („נאַ ליטפּאָסטו“, 1928, נום. 4). דאָס־זעלבע קען מען זאָגן קימאַט וועגן אַלע רעוואָליוציאָנער־געשיכטלעכע ווערק פֿון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור. די ראָל פֿונעם קלאַס־העגעמאָן, פֿון זײַן פּאַרטייִשן אַוואַנגאַרד, איז ניט באַוויזן געוואָרן. אויך אין דעם געביט דאַרף נאָך אונדזער ליטעראַטור צאָלן אַ גרויסן, גאָר אַ גרויסן כויוו.

אויך די פּראָבלעם—מאַסן און העלדן אין דער רעוואָליוציע האָט נאָך אונדזער ליטעראַטור ניט געלייזט אַף אַ מאַרקס־לעניניסטן אופֿן, ווי אַ דיאַלעקטישע אייניקייט. מיר האָבן אָדער פֿירער אָן מאַסן („מידאַס־האַדינג“), אָדער מאַסן אָן פּערזענלעכקייטן. אויך אָט די פּראָבלעם וואַרט נאָך אַף איר טיקון.

# די עטאפּנ פונ דער רעוואָליוציע

מיר וועלנ איצט א קוק טאָנ, ווי האלט עס אינ סאכאקל מיט די שילדערונגענ פונ פארשיידענע עטאפּנ פונ דער רעוואָליוציע.

די „גענעראלע רעפּעטיציע" פונ אָקטיאבער, דאָס 5־טע יאָר, איז אינ דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור קימאט ווי ניט געשילדערט געוואָרנ (קושניראָווס דראמאטישע פּאָעמע „הירש לעקערט" האָט פארכאפּט בלויז אנ עפּיזאָד אפ די צוגרייטונג־עטאפּנ צו דער גענעראלער רעפּעטיציע). אונ דאָס איז אינ דער צײַט, ווענ גראָד וועגנ 5־טנ יאָר האָבנ מיר א ריי ווערק פונ בורזשואזע אונ קליינבירגערלעכע שרײַבער, וואָס גיבנ וועגנ אים א מוירעדיק־פארקריפּלטע פאָרשטעלונג (אשס „מערי", שאָלעמ־אליי כעמס „מאבל", האָראנטשיקס „אינ געראויש פונ מאשינענ". באזונדערס איז פאשיסטיש־פײַנטלעכ פארקריפּלט אשס געשטאלט פונ 5־טנ יאָר, פונקט ווי ער האָט אויכ איצט אינ זײַנ טרילאָגיע „פארנ מאבל" געשילדערט א פאשיסטישע קאריקאטור אפ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. אויכ די בורזשואזיע שטרעבט אלס געווער פונ קלאסנקאמפּ, צו באשאפנ אירע פאלשע, פארקריפּלטע קינסטלעריש־געשיכטלעכע קאָנצעפּציעס וועגנ דער רעוואָליוציע).

אויכ די אזוי־גערופענע רעאקציע־טקופע, וועלכע איז אינ אונדזער ליטעראטור פארשעמט, ווי א טקופע פונ בלויזער פינצטערניש (אזא אויסזענ האָט זי באקומענ לויט דער בורזשואזער אונ קליינבירגערלעכער ליטעראטור פונ יענער צײַט), איז אינ דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור קימאט ווי ניט געשילדערט אָדער געשילדערט טאקע אינ דעם אָפּגעמערקטנ גײַסט, ווי א טקופע פונ קעסיידערדיקער צעפוילונג אונ דעגענעראציע. פאר דעם סאָוועטישנ שרײַבער שטייט דאָ פאָר צו מאכנ אנ איבערקערעניש אינ דער פאָרשטעלונג וועגנ דער רעאקציע־טקופע, באווײַזנ ווי אינ דער שטיל האָט זיכ דער באָלשעוויסטישער פראָלעטאריאט געגרייט צו נײַע שלאכטנ.

דער וועלט־מילכאָמע האָט מער אָפּגעגליקט אינ אונדזער ליטעראטור. ברעגמאנ האָט אינ זײַנ „דורכ קריג אונ רעוואָליוציע" אופגעדעקט די פסיכאָ־אידעאָלאָגישע פּראָצעסנ וואָס זײַנענ פאָרגעקומענ אינ די טיפענישנ פונ דער סאָלדאטישער ארבעטער־פויערשער מאסע; ראבינ האָט געשילדערט די דײַטשישע אָקופּאציע אינעמ געוועזענעמ ייִדישנ טכום; מארקיש האָט גלענצנדיק באוויזנ, ווי די בורזשואזיע האָט זיכ אָנגעלעבט אינ דער מילכאָמע. אינ די אלע ווערק איז אָבער בלויז פארכאפּט געוואָרנ די פּעריפעריע. דאָס פּאָליטיש־געזעלשאפטלעכע לעבנ, די באציִונג צו דער מילכאָמע פונ פארשיידענע פארטייענ, דער באָלשעוויסטישער קאמפּ קעגנ דער מילכאָמע, לענינס רופ צו פארוואנדלענ דעמ אימפּעריאַליסטישנ קריג אינ א בירגער־קריג איז נאָכ אינ דער קינסטלערישער ליטעראטור ניט באלויכטנ געוואָרנ.

אזוי איז די לאגע מיטנ ערשטנ עטאפּ פונ דער רעוואָליוציע.

דער **צווייטער עטאפּ** — דער אכט־כאדאָשימדיקער היסטאָרישער שלאכט צווישנ דעמ באָלשעוויסטישנ פראָלעטאריאט אונ דער קליינבירגערלעכער דעמאָקראטיע (מענשעוויקעס, עסערנ) פאר באהערשנ די אָרעמ־ אונ מיטל־פויערשע מאסע, קעדיי מיט פארייניקטע קויכעס צו געבנ א לעצטנ קלאפּ דעמ קאפּיטאליזמ, דער ניצאָכנדיקער **אָקטיאבער־פינאל** פונ אָט דעמ שלאכט, ווײַטער דער **דריטער עטאפּ** פונ דער רעוואָליוציע דער **עטאפּ פונ פארפעסטיקנ די פראָלעטארישע דיקטאטור אינ קאמפּ**

מיט דער אימפּעריאַליסטישער אינטערווענץ — אָט די בײדע עטאַפּן, ניט
געקוקט אַף דעם, וואָס מיר פאַרמאָגן אַ רײ ווערק, און בעפּײרעש באַדײַטנדיקע ווערק,
וועגן בירגער־קריג, האָבן נאָך ניט באַקומען די געהעריקע אָפּשפּיגלונג. די ייִדישע סאָוועט־
טישע ליטעראַטור האָט געשילדערט פאַרלאָזענע שטעטלעך, די הויפּטשליאַכן
פונעם בירגער־קריג אויסגעמיטן און אַף אַזאַ אויפן ניט געקענט באַווײַזן די טיטאַנישע
קויכעס פון דער רעוואָליוציע אין זײער וועלט־אופטרייסלענדיקן צוזאַמענשטויס. און ווען
מאַרקיש האָט געפּרוּווט אַרויסרײַסן זיך אַפן ברייטן שליאַך פון דעם בירגער־קריג, האָט
ער זיך אויך אָנגעקלאַמערט אָן די צווײ שטעטלדיקע, ראָמאַנטיש־געשילדערטע ברידער און
פאַרזען די מאַסן פון דער רעוואָליוציע און אירע ווירקלעכע פירער.

מע דאַרף אויך קאָנסטאַטירן, אַז אונדזער ליטעראַטור האָט נאָך קינסטלעריש ניט
באַלויכטן די העכסט־קאָמפּליצירטע סיטואַציע אין אוקראַינע אין די יאָרן 1918—1919, די
בלוטיקע יאָרן פון דײַטש, העטמאַן, פּעטליורע און מאַכנאָ.

אונדזער ליטעראַטור האָט נאָך אויך דאָ צו צאָלן אַ גרויסן, אַן אומגעהײַערן כויוו.

* * *

ווי מיר זעען פון אונדזער „געשיכטע פון דער געשיכטע“, האָבן מיר בײַ אַלע פעלערן
שוין אַ היפּש פאַרמעגן אינעם דאָזיקן געביט, אין דער פּראָלעטאַרישער
און סאָוועטישער ליטעראַטור. אין זײער פיל ווערק הערשט, אָבער ווי מיר האָבן קאָנ־
סטאַטירט, די אידעאַליזאַציע פונעם „בונד“, אַף וואָס מע דאַרף ווענדן אַ באַ־
זונדער אויפמערקזאַמקײַט. די וויכטיקסטע קער־פּונקטן אין דער געשיכטע פון דער רעוואָ־
ליוציע — די „גענעראַלע רעפּעטיציע“, די פלאַמיק־בלוטיקע פּאַבול פון צווישן פעווראַל און
אָקטיאַבער, די ווונדערלעכע 10 טעג, וואָס האָבן אופגערודערט אַ וועלט, די פאַר־
פּלאָנטערטע סיטואַציע אין אוקראַינע אין די יאָרן פון בירגער־
קריג — זײַנען נאָך קימאַט ווי ניט באַרירט געוואָרן דורך אונדזער ליטעראַטור. די
באַוועג־קויכעס פון דער רעוואָליוציע, די ברויזנדיקע מאַסן, זײערע עמעסע פירער און
שענדלעכע פאַרפירער ריידן נאָך צו אונדז ניט אַראָפּ אין פולבלוטיקע געשטאַלטן פון די
בלעטער פון אונדזערע ראָמאַנען. אָבער דער באָדן פאַר אַ מאַרקס־לענינשער קינסטלע־
רישער עפּאָפּײע פון דער רעוואָליוציע איז שוין אופגעאַקערט. מאַטעריאַל איז שוין גענוג
אָנגעזאַמלט, די געשיכטע פון בירגער־קריג, די געשיכטע פון די פאַבריקן און זאַוואָד־
וועלן דעמדאָזיקן מאַטעריאַל נאָך פאַרפילפאַכן.

אָבער מאַטעריאַל אַליין איז ווייניק. מע דאַרף אים באַהערשן, און דערצו איז נייטיק
זיך באַוואָפענען מיט דער אײנציק־ריכטיקער און אײנציק־וויסנשאַפטלעכער טראַקטירונג
פון אונדזער רעוואָליוציע, וואָס עס האָבן געגעבן לענין און סטאַלין, אַ טראַקטירונג,
וואָס די פּראַקטיק האָט זי פולקום באַשטעטיקט. אָן דעם וועט דער קינסטלער בלאָנדזשען
און פאַרבלאָנדזשעט ווערן אינעם אומגעהײַערן לאַבירינט פון סיטואַציעס און ווידערשפּרוכן.
דאָס פאַרלאָזן זיך אַפן אײגענעם זיקאָרן און אַפן „אײגענעם סייכל“ דאַרף קאַטעגאָריש
אָפּגעוואָרפן ווערן. יעדער געשיכטלעכע סיטואַציע, פּראָבלעם דאַרף דורכקאָנטראָלירט
ווערן לויט די גרונטיקע לענין־סטאַלינשע דאָקומענטן. דאָס איז נייטיק דערפאַר, ווײַל
אַזאַ בוך דאַרף געבן דערקענטעניש, וואָס מאָביליזירט צום קאַמף. רעוואָ־

ליוציאָנערער צאר און צאָרן איז דאָ ווייניק. וועגן דעם פּאָעטישן צאָרן שרײַבט ענגעלס און „אנטי־דיורינג“:

„דער צאָרן, וואָס באשאפט דיכטער איז פולקום אפן אָרט, ווי בא דער שילדערונג פון אָט די כעסרוינעס, אזוי בא דעם אָנפאלן אפ די, וועלכע, דינענדיק דעם הערשנדיקן קלאס, זוכן זיי אָפּ הארמאָניע אין דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג און פארלייקענען אָדער פארבן צו זײַנע כעסרוינעס, נאָר ווי ווייניק ער קען האָבן א באדײַטונג, ווי א דערווײַז פאר יעדער געגעבענעם פאל—דאָס איז שוין קלאָר פון דעם, וואָס פאר צאָרן איז געווען גענוג מאטעריאל אין אלע געשיכטלעכע עפּאָכעס“.

מיר דארפן האָבן אזא רעוואָליוציאָנער־געשיכטלעכן ראָמאן, וואָס מיר זאָלן וועגן אים קאָנען זאָגן מיט אזא דערקענטעניש־אנטציקטקײַט, ווי ס'האָט געזאָגט ענגעלס וועגן באלזאקן:

„באלזאק גיט אונדז אין זײַן „מענטשלעכער קאָמעדיע“ די סאמע ווערטפולסטע רעאליסטישע געשיכטע פון דער פראנצויזישער געזעלשאפט, פון וועלכער איך האָב זיך דערוווּסט אפילע אין זין פון עקאָנאָמישע דעטאלן מער ווי פון די ביכער פון אלע פּראָפעסיאָנעלע היסטאָריקער, עקאָנאָמיסטן, סטאטיסטיקער פון אָט דעם פעריאָד צוזאמענגענומענ“. („ליט. נאסלעדסטוואָ“, 1932, נום. 2, ז. 51).

מיר דארפן האָבן א רעוואָליוציאָנער־געשיכטלעכן ראָמאן, וואָס זאָל אונדז שילדערן אין בוילעטע קינסטלערישע געשטאלטן דעם אָביעקטיוון גאנג פון דער רעוואָליוציע, אָביעקטיוון אין מארקס־לענינשן זין פונעם וואָרט, וואָס ליגט אוועק אין יעסאָד „די געגעבענע עקאָנאָמישע פאָרמאציע אין די געבוירענע פון איר אנטאָגאָניסטישע באציִונגען, די קלאסעווע קעגנזאצן, און דערמיט גופע באשטימט ער זײַן שטאנדפונקט, שליסט אײַן, אזוי צו זאָגן, פארטעיִשקײַט, פארפליכטנדיק בא יעדער אָפּשאצונג פון די געשעענישן זיך שטעלן אפן שטאנדפונקט פון א באשטימטער געזעלשאפטלעכער גרופּע“. (לענין, ווערק, ב. 1, ז. 288).

בלויז דאָס אָנייגענען אין דער גאנצער טיפקײַט די מארקס־לענינשע וועלט־אָנשויונג וועט העלפן דעם קינסטלער צו באשאפן אזא עפּאָפּייע פון דער רעוואָליוציע, וואָס דוירעס וועלן אין איר לייענען, ווי „מיר זײַנען דאָ געווען און געלעבט, אין ליבשאפטן, אין ווייטעק און אין סינע“ און שעפּן פון איר באגײַסטערונג פאר נײַע דערגרייכונגען אין דער אָנקלאסן־געזעלשאפט.

פון דער רעדאקציע: האלטנדיק פאר וויכטיק די פראגעס, וואָס דער כ' א. ר. צווײַג הייבט אוף אין דעמדאָזיקן ארטיקל, מוזן מיר דערבײַ אָפּמערקן, אז אינעם אײַנטיילן די שרײַבער אפ פּראָלעטארישע און מיט־לויפערישע פילט זיך נאָך טיילווײַז דער ראפּפּ־שער מעכאנישער צוגאנג.

אזעלכע מאָמענטן קען זײַן א געפאר אין אונדזער קאמף פאר דעם וווּקס פון אלע סאָוועטישע שרײַבער וואָס שטרעבן אקטיוו זיך באטייליקן אין דער סאָציאליסטישער בויונג.

ש. בראנסקי

# די עוואָליוציע פונ דער בורזשואזער אונ קליינבירגערלעכער בערגלסאָנ־קריטיק

## (אינ די יאָרנ 1926—1929)

(פראגמענט פונ א גרעסערער ארבעט)

דער גרויסער איבערבראָכ אינ בערגלסאָנס וועלט־אָנשויונג, אינ בערגלסאָנס שאפונג, אונ צוזאמענ דערמיט אויכ אינ דער באציִונג פונ דער קריטיק צו בערגלסאָנענ קומט פאָר אינ 1926 יאָר. עס גייט ארויס „אינ שפאנ", דאָרט דרוקנ זיכ פראגמענטנ פונ „מידאס־האדינ", אונ דאָרט דרוקט אָפּ בערגלסאָנ זײַנ דעקלאראציע צו די ייִדישע שרײַבער. אלס ענטפער אפ דערדאָזיקער דעקלאראציע האָט זיכ א שאָט געטאָנ א מאבל מיט ארטיקלענ אינ דער ייִדישער פרעסע פונ דער גאנצער וועלט [1]. די קעפּלעכ פונ די ארטיקלענ זאָגנ איידעס וועגנ די לײַדנשאפטנ וואָס האָבנ זיכ צעפלאקערט ארומ דערדאָזיקער דעקלאראציע: „צוויי סעמפעלס פונ איבערגעקוליעטע ייִדישע שרײַבער" (וועגנ בערגלסאָנענ אונ האָפשטיינענ) [2], „א באלטשוווע אָדער א גער" [3], „בערגלסאָנ דער באלטשוווע צווישנ די קאָמוניסטישע צאדיקימ געמורימ" [4], „דער נײַער כאווער פונ דער יעווסעקציע" [5], א. ד. גל.

איינער א מוסטער פונ דעמ גאנצנ קאצניאָמער, וואָס ס'האָט אופגעהויבנ די רעאקציאָנערע ייִדישע פרעסע אינ פארשיידענע לענדער ארומ בערגלסאָנענ, איז ל. קעסנערס ארטיקל „דאָס לאָכ אונ דער בייגל" [6]. די מײַסע איז אינ דעמ, וואָס דעמ 20/VI 1926 האָט ניגער אָפּגעדרוקט אינ די „פאריזשער בלעטער" [7] אנ אָפענעמ בריוו צו בערגלסאָנענ וועגנ זײַנ רעדאקציע פונ „אינ שפאנ". קעסנער האָט געפונענ, אז ניגער האָט צו שוואכ בעענטפערט בערגלסאָנענ, אונ האָט גענומענ אפ זיכ די מיסיע אָפּצוענטפערנ בערגלסאָנענ „ווי ס'קומט אימ".

---

[1] לײַדער האָבנ מיר ניט אינ אונדזער רעשוס דעמ גרעסטנ טייל פונ דער אויסלענדישער פרעסע פאר יענער צײַט.

[2] ד. אײַנהאָרנ, „פאָרווערטס", 19/VIII 1926.

[3] קאצ בענציִענ, „מאָרגנזשורנאל", ניו־יאָרק, 12/VIII.

[4] האָרויע, „ייִדישעס טאָגעבלאט", 17/X.

[5] י. שעכטמאנ, „פאָלקסבלאט" 7/III, ריגע, טעגלעכע דעמאָקר. צײַטונג אונטער רעד. לאצקי—בערטאָלדי אונ שעכטמאנ.

[6] זשורנאל „אינדזער וועלט", № 4, 1926, ניו־יאָרק.

[7] לײַדער, האָבנ מיר ניט אָט דעמ העכסט־וויכטיקנ דאָקומענט אינ אונדזער רעשוס.

ל. קעסנער איז א דעקאדענט און א פארברענטער יידישיסט, וואָס פירט א „פארביטערטן" קאמף מיט די ציִעניסטן־העברעיִסטן. ער איז ניט קעגן ציִעניזם, ער איז פאר ערעצייִסראָעל, ער איז ניט קעגן העברעיִש, דער „עלטערער בעקאָוועדיקער שוועסטער"— ער וויינט נאָר מיט ביטערע טרערן, לעמײַ די בייזע ציִעניסטן ווילן ניט גלײַכבארעכטיקן די יידישע שפראך אין ערעצייִסראָעל און פירן נאָך קעגן איר א קאמף אין כוצלאָארעצ". דארפ מען זיי א סטראשע טאָן מיט א נײַער „טעריטאָריע"!

קעסנער טײַנעט, אז ניט בערגלסאָן און ניט ניגער ריידן ניט צו דער זאך. די אופגאבע איז—ראטעווען די יידישע שפראך, די יידישע ליטעראטור, און זיי אמפערן זיך גאָר וועגן דער פראגע, אפ וועלכן קלאס זאָל זיך די ליטעראטור אָריִענטירן. וואָלט געהאט א שטיקל זינען, לויט קעסנערן, ווען בערגלסאָן זאָל רופן די יידישע שרײַבער זיך אָריִענטירן אפ דער יידישער קאָלאָניזאציע אין דאָרעמ־רוסלאנד. וואָלט וואָס געווען? וואָלטן די ציִעניסטן זיך דערשראָקן און וואָלטן גלײַכבארעכטיקט די יידישע שפראך אין פאלעסטינע. וואָלטן די יידישיסטן דערפון עפעס געווונען. אָבער בערגעלסאָן רופט גאָר זיך אָריִענטירן אפן קאָמוניזם, אפ די ארבעטער. און דאָס האלט קעסנער פאר שעדלעך, ווײַל „דעמ קינסטלער איז אלציינס וועגן וואָס צו שרײַבן". ביפראט, אז די וויכטיקסטע אופגאבע איז גאָר עפעס אנדערש: „ווי ראטעוועט מען די יידישע שפראך פארן יידישן פאָלק? אָט דאָס איז די שווערע, ברענענדיקע און ווייטעקדיקע פראגע".

נאָך „שטורעמ־טעג" און „מידאסהאדין" קומט א נײַע פאזע אין דער באציִונג פון דער בורזשואזער און קלײנבירגערלעכער קריטיק צו בערגלסאָנען. דידאָזיקע קריטיק עוואָליוציאָנירט אויך, צוזאמען מיט בערגלסאָנען, נאָר אין א פארקערטער ריכטונג.

דער פאשיסטישער לעאָ קעניג שרײַבט אָן אין 21־טן יאָר א פארניכטנדיקן ארטיקל וועגן בערגלסאָנען. (ער איז, אגעוו, אויך א דירעקטער ענטפער אפ בערגלסאָנס דעקלאראציע).

דאָ אנטוויקלט ער א טעאָריעלע וועגן „הומאָר", וואָס איז נויטיק פארן דיכטער, אלס פערספעקטיוו, קעדיי דער דיכטער זאָל שטיין העכער און ווײַטער פון זײַנע פערסאָנאזשן. דאָס איז א צוויאקישע טעאָר־עלע, וואָס מאכט זיך ניט וויסנדיק פון דעם, וואָס דער דיכטער *מוז האָבן א באציִונג* צו זײַנע העלדן, ס'איז א טעאָריעלע פון „אָביעקטיוויזם".

נאָר *אין טאָך* גייט קעניגן ניט אין דעם. ער האָט זיך געשטעלט א ציל—דיסקרעדיטירן בערגלסאָנען, זיך נוקעמ זײַן אין אים פאר זײַנע סימפאטיעס צום קאָמוניזם. אפ וויפל בערגלסאָן *בויט זיך איבער*, איז דאָס *נײַע* בא אים קען מען זיך נאָך פארגינען צו *איגנאָרירן*, בלײַבט איבער נאָר איין אופגאבע: דיסקרעדיטירן בערגלסאָנס ליטעראַרישע פארגאנגענהײַט. און ער שעמט זיך ניט צו זאָגן, קעניג, מיט פולן מויל: „אָבער פונעם נײַעם בערגלסאָן איז דערווײַלע לעכאָלהאדייעס פרי צו ריידן. און דעם „*אלטן* פאררעוואָליוציִאָנערן בערגלסאָן האָט מען בא אונדז, דאכט זיך, *אויך* נישט ריכטיק אָפגעשאצט". וואָס זשע הייסט ניט ריכטיק? עפשער ניט דערשאצט? ניין, לעאָ קעניג האלט, אז מע האָט אים איבערגעשאצט. ס'איז א שרײַבער, וואָס ס'נידעט אים צו לייענען: „וואָס איז דער כילעק, אפ וועלכן בלאט איר וועט זיך אָפשטעלן, אָדער פון וועלכן איר וועט אָנפאנגען לייענען? איר וועט זיך סײַווי באלד דערפילן אין בערגלסאָנס האלב־טויטער און האלט־לעבעדיקער וועלט".

לעאָ קעניג ווארפט בערגלסאָנען ארײַן „אין כיירעמ" און שליסט אים אויס פון דער קלאסיקער־מישפאָכע.

האקלאַל, קינסטלעריש האָט קעניג שוין „אַנולירט“ בערגלסאָנען. איצטער דאַרף מען אַנולירן זײַן שפּראַך: „מע האָט בא אונדז אַסאַך געשריבן וועגן בערגלסאָנס פּראַכטפולן, רײַכן יידיש. איך ווייס נישט, וויאַזוי ס'האָט געקענט געשאַפן ווערן אַזאַ „לעגענדע“. איך ווייס נישט, צי בא וועלכן ס'איז באַדײַטנדן יידישן שרײַבער קענט איר געפינען אַזאַ אָרעמע יידישע שפּראַך ווי בא בערגלסאָנען“. און פּאַני קעניג פאַרלירט שוין זײַן „סאָלידקײַט“ און לאָזט זיך גאַלאָפּ, מיט גוזמע־גוזמאָעס: „מע קען, דאַכט זיך, איבערצײלן די יידישע ווערטער מיט וועלכע ער אָפּערירט און אין יעדן זײַטל פון זײַנע שריפטן קענט איר געפינען א פּאָר זאַצן, וועלכע זײַנען נישט ווילנדיק איבערגעזעצט פון רוסיש“.

אָט אַזוי האָט די יידישע בורזשואַזיע זיך אָפּגעשאָקלט פון בערגלסאָנען, נאָך איידער ער האָט איר א שלײַדער געטאָן אין פּאָנעם אַרײַן זײַן באַשולדיקונגס־אַקט, דעם „באַם דניעפּער“.

די בורזשואַז־פאַשיסטישע קריטיק האָט זיך פון בערגלסאָנען באַצײַטנס אָפּגעשאָקלט, אָבער איר אַגענטור, די סאָציאַל־פאַשיסטישע און „אומפּאַרטײיִשע“ קריטיק, האָט באַשלאָסן בערגלסאָנען אַזוי גרינג ניט אַרויסלאָזן פון אירע הענט און זי הייבט אָן אָפּערירן מיט א רײ פאַרוויקלטע אופווירקונג־מעטאָדן אָפּ בערגלסאָנען.

ערשטנס, פּרוּווט מען באַרויִקן זיך און בערגלסאָנען, אַז ס'איז גאָרנישט ניט געשען, בערגלסאָן איז געבליבן דערזעלבער, ווי געווען. צווייטנס, וויל מען אײַנרײדן בערגלסאָנען, אַז קײן אַרבעטער־פּערספּעקטיוון און רעוואָליוציאָנערן גיבן זיך אים ניט אײַן, אַזוי אַז ס'לוינט אים ניט אַריבערצוגיין צו נײַער טעמאַטיק. דריטנס, פּרוּווט מען זיך האַלטן קלוימערשט „נייטראַל“, פּונקט ווי מע איז ניט קײן פאַרביסענער פײַנט פונעם קאָמוניזם.

פאַר דער סאָציאַל־פאַשיסטישער קריטיק איז געשטאַנען א שווערע אופגאַבע: פאַרבינדן ווי עס איז בערגלסאָנס נײַע שאַפונג („שטורעמטעג“, „באַזונדערס „מידאַסהאַדינג“) מיט דער פריערדיקער. זי איז דאָך פון הימל ניט אַראָפּגעפאַלן. די מאַרקסיסטישע קריטיק טוט עס אָפּ א דיאַלעקטישן אופן. אָבער זיי די סאָציאַל־פאַשיסטן זײַנען בעקוועם צו מאַכן אַזאַ מין אָפּעראַציע בלויז מעכאַניסטיש. דאָס איז מעגלעך געווען אָפּ צוויי אופאַנים: אָדער פאַרקאָנסערוואַטעווען די נײַע ווערק (דערווײַזן, אַז קײנע נײַס איז דאָ ניטאָ), אָדער פאַררעוואָליוציאָניזירן די אַלטע ווערק (געפינען אין „נאָך אַלעמען“ ליבע צום פּראָלעטאַריאַט) אָפּן ערשטן וועג איז געגאַנגען דער רעכטער פליגל ניגער, מײַזל מיט דער גאַנצער פּלעיאַדע, אָפּן צווייטן — דער „לינקער“, ראַדיקאַלער פליגל — צ. ב. כאַים מעלאַמעד.

מיט א פּראָגראַם־אַרטיקל, וואָס האָט געגעבן א טאָן פאַר דער ווײַטערדיקער בערגלסאָן־אָפּשאַצונג, איז אַרויסגעטראָטן ש. ניגער [1].

ניגער קלאַפּט אַלץ אין אײן פּינטל אין לויף פונעם גאַנצן אַרטיקל: ס'איז גאָרניט ניט געשען, ניטאָ קײן נײַער בערגלסאָן! און צוליב דעם מוז ניגער גיין אָפּ אײניקע האַנאָכעס לעגאַבע זײַנע אַמאָליקע אָנשווּנגען אָפּ בערגלסאָנס שאַפן, ער דערמאָנט זיך, אַז דאָס סאָציאַלע האָט בא בערגלסאָנען אַמאָל אויך געהאַט אַן אָרט: „ערשט איצט, ווען מיר לײענען זיי איבער נאָכאַמאָל (די פריערדיקע ווערק. ש. ב.), זעען מיר, אַז דער נײַער, געזעלשאַפטלעך־אָריענטירטער בערגלסאָן איז גאָרנישט אַזוי נײַ. ער וואַרפט נאָר א העלערן שײַן אָפּ דעם, וואָס פריער איז עס געווען בא אים אין שאָטן, אָבער געווען איז עס שוין פריער (מײַן קורסיוו ש. ב.). און וויבאַלד, אַז קײן נײַס איז דאָ ניטאָ, איז דאָך קײן שום רע־

[1] „ליט־בלעטער“, 1929, נומ. 9, אַרטיקל „דאַוויד בערגלסאָן“.

וואָליוציע ניט פאָרגעקומען, ס'איז בלויז עוואָליוציע, קען מען האָפן, אז ווײַט וועט בערגלסאָנס לינקײַט ניט פארגיין: „איך ווייס נישט, צי עס איז פאָרגעקומען א רעוואָליוציע אין בערגלסאָנס מ י י נ ו נ ג ע נ (מײַנ קורסיוו. ש. ב.). אין זײַנע קינסטלערישע ווערק (און צו זיי רעכן איך נישט צו זײַנע ארטיקלען) האָט ער נאָר עוואָליוציאָניזירט. ער האָט זיך נישט אָפגעזאָגט פון זײַן סטיל און זײַנע סטיליזירונגען (זיי זײַנען געוואָרן בא אים נאָר געלײַטערטער, קלערער און איינפאכער אין זייער ראפינירטקײַט), די שפראך איז בא אים, ווי פ ר י ע ר (מײַן קורסיוו ש. ב.), שאפונג, ניט נאָר א מיטל צום שאפן"... א. א. ו.

ניט קיין שלעכטער קלאסן־כוש בא ניגערן. ער קלאמערט זיך מיט הענט און פיס אין די יערושע־עלעמענטן בערגלסאָנס, וואָס די מארקסיסטישע קריטיק באקעמפט זיי.

און פונקט ווי אמאָל, אין 13־טן יאָר, האָט ניגער געוואָלט אָנטאָן אף בערגלסאָנען אן נאציאָנאליסטיש־קלעריקאלע יארמעלקע, פונקט אזוי וויל ער איצט ארופציִען אף אים אן אָנקלאסעוודיקע בונדע: „איצט פלײַסט זיך בערגלסאָן צו ווײַזן אונדז דורך יעכידים סאָציִאלע גרופעס, אמאָל האָבן מיר געזעען בא אים איינציקע כאראקטערן אפן פאָן פון קאָלעקטיוו. אָבער אמאָל אזויווי איצט, זײַנען די מענטשן בא אים שוין אײַנגעטיילט געווען אין גוטע און שלעכטע, שיינע און מיִעסע, איידעלע און פאסקודניקעס, און אמאָל, אזויווי איצט, האָט ער אונדז געגעבן צו פילן, אז די לעצטע, נישט די ערשטע, זײַנען די עמעסע באלעבאטים פון לעבן".

אָדער „זײַן גרויסער קינסטלער־ישער קויעך אנטפלעקט זיך ניט אין די שיינע מענטשן פון מאָרגן, נאָר אין גראָבע נעפאשעס פון הײַנט און אין די איידעלע נעשאָמעס פון נעכטן. זײַנע קונסט־געשטאלטן זײַנען סאָציִאל ווערטפול נאָר אף אזויפיל, אף וויפל זיי זײַנען מאטעריִאל פאר געזעלשאפטלעכער סאטירע".

אָט אזוי וויל ניגער אײַנשמועסן בערגלסאָנען, אז ס'לוינט אים ניט צו שילדערן רעוואָליוציאָנערע געשטאלטן, ווײַל זיי גיבן זיך אים סײַווי ניט אײַן. כאָטש נעם און שילדער סאטיריש די „שיינע מענטשן פון מאָרגן"! דאָס וואָלט, לויט ניגערן, זיך, אפאָנעם אײַנגעגעבן.

ניט געקוקט דערוף, וואָס די אלע רעמאָזים זײַנען גאנץ דורכזיכטיק, באנוגנט זיך ניט ניגער מיט זיי און גייט אריבער צו אָפענע דיבורים: „דער גײַער בערגלסאָן איז נײַ אין דעם זין, וואָס ער וויל אונדז פון זיך אליין אײַנריידן, אז זײַן אומצופרידנקײַט מיט דער וועלט איז א קלאסן־געפיל און אז עס זײַנען דאָ ניט מיִעסע און שענערע יעכידים, נאָר מיִעסע און שיינע געזעלשאפטלעכע קלאסן; ער איז נײַ אויך אין דעם זינען, וואָס ער מאטערט זיך צו ווערן אן אָפטימיסט, א גלויבער".

ניגערס פראָגראם האָבן באלד אונטערגעכאפט אלע איבעריקע, און אין דעמזעלבן 1929 יאָר זעען מיר אזא בילד: די „ליטעראַרישע בלעטער" ווידמענען א ספעציִעלן נומער (37) בערגלסאָנס צוואנציק יאָריקן ליטעראַריש יובליי, און מע הייבט בערגלסאָנען שטארק. נאָר איינצײַטיק סטארעט מען זיך אין דיזעלבע ארטיקלען באארבעטן בערגלסאָנען, פארהאלטן אים אפן מיטן וועג, ניט לאָזן אים ווײַטער גיין. ס'ווערט געפירט אף אים אן אָרגאניזירטע אטאקע אונטער א רויך־פאָרהאנג.

— ס'איז גאָרניט געשען! בערגעלסאָן איז אונדזערער! — טרומייטערן אף אלערליי הייזעריקע און כאָרכלדיקע קוילים די „ליטעראַרישע בלעטער": „דער נאָמען בערגלסאָן האָט

אָפגעווישט אלע גרענעצנ אונ אפּ א ווײַלע אויסגעגליכנ אלע ליניעס״—מעלדעט ז. ווײַנפּער וועגנ א בערגלסאָנ־פײַערונג אינ אמעריקע [1]).

— אָפּווישנ די גרענעצנ! — דאָס איז די אופגאבע, אונ מעלאמעד אײַלט זיכ אָפּווישנ די גרענעצנ מיט דער הילפ פונ געשיכטלעכע פאקטנ [2]). ער וויל דערווײַזנ, אז אינ זײַנ געזעלשאפטלעכער ארבעט איז בערגלסאָנ אויכ געשטאנענ אויסער פארטייענ, אונ ווײַל ער איז געווענ אומפארטייִש, האָט ער געקענט אסאכ אופּטאָנ (ס׳האנדלט זיכ וועגנ דער פאר־אקטיאבערדיקער „קולטור־ליגע״ אינ קיעוו).

אָפּווישנ די גרענעצנ העלפט אויכ א. מ. פוקס, מאכנדיק א קאוואליעריסטישנ אָנפאל אפ בערגלסאָנס שאפונג: „אונ ס׳ברויזט פונ דעמ מיט קוועלנדיקנ לעבנ, ברומט מיט יידישנ טרויער־ניגנ פונ רעב געדאליע הורוויצעס קוזרי־לערנענ, פונ רעב ארנס מענטש־לעכ־טיפער, שיינער טוירע־זאָגנ, איידער מע פירט אימ צומ טויט, עס גלאנצט מיט דער בלויקייט פונ מירלס פארכאָלעמטנ אויג, ווייטיקט מיטנ טויבנס שטיינ־שווערע לײַד, וואָרנט דעמ מענטשנ מיט פיליפּאָווס שטרענגקײַט פונ מידאסהאדינ, רוישט מיטנ ניצאָכנ־פרייד פונ פלאטערדיקע רויטע פאָנענ״ [3]).

א שיינע פּאָרע צווישנ ארנ לעמבערגער אונ פיליפּאָוונ! צווישנ רעב געדאליעס קוזרי־לערנענ מיט די פלאטערנדיקע רויטע פאָנענ!

אויכ די קלוימערשט־אומשולדיקע פאָרמאליסטישע סטיל־פאָרשונג פילט אויס דיזעלבע סאָציאלע באשטעלונג.

גראָס [4]) וויל אײַנשמועסנ בערגלסאָנענ, אז ער איז פארורטיילט צו שילדערנ בלויז אומקומ, אונטערגאנג, אי דאָס—אינעמ פארוואָרפענעמ קלײנעמ שטעטעלע: „אונ עס ליגט אינ דעמ א שטיק קינסטלערישע כאָכמע, וואָס בערגלסאָנ האָט אונדז צוגעפירט צו דער־דאָזיקער האסאָגע גראָד דורכ דער אינדזלדיקער אָפּגעשלאָסנקײַט אונ פארשניטנדיקײַט פונ די וועלטפארלוירענע קלײנשטעטלדיקע ווינקלענ, ווו דער אומדערבארעמדיקער גורל האָט נאָכ א שטארקערע שמירע איבער זײַנע אונטערגעגעבענע, פונוואנענ עס איז ניטאָ וווהינ צו אנטלויפנ, ווו די טרויעריקײַט קנוילט זיכ אפ אלע וועגנ״...

גראָס פלײַסט זיכ צו דערווײַזנ מיט פאָרמאליסטישע כקירעס, אז „מידאסהאדינ״ איז גאָר קיינ נײַס ניט, עס שטימט מיטנ גאנצנ ביזאהעריקנ שעפערישנ וועג בער׳לסאָנס: דאָ האָבנ מיר אויכ דעמ פאטאלנ אומקומ, אונטערגאנג, אויכ דאָ זײַנענ די מענטשנ—קאָרבאָ־נעס פונ דעמ בלינדנ גורל, אויכ דאָ קומט עס פאָר אינעמ פארוואָרפענעמ שטעטעלע גאָלאָדאָווקע (אינ דעמ ליגט דאָכ „א שטיק קינסטלערישע כאָכמע״!), פונקט ווי אינ די פריִערדיקע ווערק.

דאָסזעלבע בענעגייע דעמ סטיל.

דער סאמע „לינקסטער״, דער סאמע ראדיקאלסטער פונ דער שוסטערשער געזינדל פונ די „בלעטער״ איז כאַיִמ מעלאמעד [5]). א ניט־אויסגעפרווטער לעזער וואָלט געמיינט, אז מיר האָבנ דאָ בעעמעס צו טאָנ מיט רעוואָליוציאָנערער קריטיק. אָבער ער פילט אויס דיזעלבע פונקציע, וואָס זיי אלע, נאָר מיט „לינקערע״ פראזנ.

[1]) „ליט־בלעטל״, 1929, 37 נומ., ארטיקל „בערגלסאָנ אינ אמעריקע״.
[2]) דאָרטנ, ארטיקל „בערגלסאָנ דער געזעלשאפטלער״.
[3]) דאָרט, „ „דאָוויד בערגלסאָנ״.
[4]) דאָרט, „ „וועגנ בערגלסאָנס סטיל״.
[5]) דאָרט ארטיקל „דאָוויד בערגעלסאָנ״.

כ. מעלאמעדס הויפט־טענדענצ איז: פונקט ווי בא אלע אויבנדערמאָנטע יובילײ־קרי־טיקער, פארבינדנ בערגעלסאָנס פריערדיקנ וועג מיט דעם איצטיקנ. ער גייט אפנ וועג פונ פאררעוואָליוציאָניזירנ דעם „אלטנ״ בערגלסאָנענ.

ער טוט אָביער אָפ זײַנ שטיקל ארבעט האמעטנע, קוסטאריש. ער וויל דערווײַזנ, אז „נאָכ אלעמענ״ איז א רעוואָליוציאָנער ווערק, „דער רעוואָלט פונ זײַנ צײַט״, ווי ער דריקט זיכ אויס.

בא מעלאמעדנ געפינענ מיר זייער א ציקאווע רעוויזיע פונ דער פריערדיקער בערגל־סאָנ־קריטיק. כוצ נאָמבערגנ, אטאקירט ער גאנצ ענערגיש ניגערס אמאָליקע אָפשאצונג פונ „נאָכ אלעמענ״: „אינ יידישנ געזעלשאפטלעכנ לעבנ האָט מענ דאנ גאָר אָנגעהויבנ צו ״נאציאָ־נאליזירנ״ דעם אונטערגעגראָבענעמ עקאָנאָמישנ באָדנ, אימ מאכנ פאר דעם שעפערישנ מאָקער. אינ דעמ קליינעמ כעשבנ אינ טאשנביכעלע איז דער שיכט פונ די רעב געדאליעס אונ זײַדענאָוווסקעס גאָר געווענ פארצייכנט בא אונדז, אלס דאָס בעסטע אונ גרעסטע אונ אינ אונדזער פארמעגנ—אונדזער „אלטער יכעסדיקער גײַסט״.

אונ דאָ פלוצלונג, בא בערגלסאָנענ, האָט מענ דערהערט, ווי א דאָר ווײַנט אײַנגעהאלטנ אונ שטיל אונ פונ טיפנ הארצנ. מע האָט דערזענ, אז ס׳איז נישטאָ קײַנ באָדנ. איז מענ צוגעגאנגענ צו אימ, צו בערגלסאָנענ, מיט דער גרויסער טײַנע פונ בעטאָעסדיקע זיגער, וואָס ווילנ נישט הערנ דעם עמעס—מיט א טײַנע: גיב אונדז פריילעכס!

... פאר דידאָזיקע מאָנער פונ יערושע האָט בערגלסאָנ אופגעעפנט די ביכער אונ געוויזנ: „זעט וואָס איר פארמאָגט״. (ווײַטער גייט א ציטאטע פונ ניגערס דעמלטיקנ ארטיקל).

פארוואָס מעלאמעד איז געקומענ צו דער רעוויזיע—איז קלאָר: בערגלסאָנס ווײַטער־דיקע אנטוויקלונג האָט געמאכט צונישט די ניגערישע ליטעראַרישע פראָגנאָזנ אונ קאָנצעפ־ציעס, פונקט ווי די געשיכטע האָט אנולירט די פאָליטישע קאָנצעפציעס זײַנע.

אָבער מעלאמעד קעמפט, אזוי צו זאָגנ, אפ צוויי פראָנטנ. ער קעמפט אויכ אפ לינקס:

„... אונ די מאָנער פונ דעמ עמעסנ כויוו? (די ארבעטער אונ זייערע אידעאָלאָגנ.—ש. ב). זיי וואָלטנ עפשער געווענ גערעכט, ווענ בערגלסאָנ מיט זײַנ גרויסנ קינסטלערישנ כוש וואָלט זיכ געווענ אָפשטעלנ נאָר בא דעם מאָלנ דעם אָפגאנג, בלויז באם אונטערגאנג פונ איינ עפּאָכע (קלאס?—ש. ב.), אונ נישט דערפילנ דעם אופגאנג פונ א צווייטער. בערגלסאָנ האָט שוינ אינ „נאָכ אלעמענ״ דערפילט... (דאָ גייט די ציטאטע פונ די שנײַדעריונגען, וואָס האָבנ אויסגעהאקט א שויב בא געדאליע הורוויצנ).

אָט דאָ פאלט ארײַנ מעלאמעד אינ א קאָמישער לינקאטשישקײַט. ער וויל אײַנזענ בערגלסאָנס סימפאטיעס צום ארבעטער־קלאס אינ „נאָכ אלעמענ״. פארקערט, אלעמענ איז באוווסט, אז אינ אלע ערשטע ווערק בערגלסאָנס גייט דורכ דאָס טראדיציאָנעלע פאָרל שנײַדעריונגען, וואָס האקנ שויבנ אונ כוליגאנעווענ, אינ זייער נעגאטיווע פארבנ (אויכ אינ דער „פארגרעבטער שטאָט״ זײַנענ זיי פאראנ).

רעזיומירנדיק דאָס אלצ, דערווײַזט מעלאמעד, אז מע קענ ניט ריידנ וועגנ צוויי פעריאָדנ אינ בערגלסאָנס שאפונג. זײַנע אמאָליקע ווערק זײַנענ געווענ פונקט אזוי רעוואָ־ליוציאָנער, ווי די איצטיקע. ער דערעדט זיכ דערצו, אז „אינ פארטונקלטע צײַטנ״ איז גע־ווענ א סאטירע אפנ יידישנ יכעס.

ער דערעדט זיכ נאָכ צו א מאָדנעם געדאנק: דאָסגלײַכנ בארעכטיקט „מידאסהאדינ" אינ ליטעראריש־קינסטלערישנ זינ דאָס בוך „נאָכ אלעמענ". ערשט איצטער נאָכ דעם מידאסהאדינ פונ דער רעוואָליוציע, ווענ עמעצער זאָל וועלנ באלויכטנ רעטראָספעקטיוו דאָס שטעטל, וואָלט ער געמוזט אָנקומענ צו דער שײַנ, וואָס איז געגעבנ אינ „נאָכ אלעמענ".

דאָס איז פראכטפול! מיר קענענ נאָר פרעגנ: וויאזוי איז זיכ דאָס טאקע דער אײגענער בערגלסאָנ באגאנגענ אָנ דער שײַנ, פונ „נאָכ אלעמענ" אינ „באמ דניפער"?..

ניט בעקוקט אפנ גאנצנ „ראדיקאליזמ" מעלאמעדס, איז „אינ לעצטנ סאכאקל" זײַנ ארבעט—אנ אגענטור פונעמ קלאסנפײַנטלעכנ לאגער. זי שטויסט דעמ ארבעטער־לעזער אָנצונעמענ בערגלסאָנס יערושעאינגאנצנ, אָנ א שומ אָפקלײַבי־אײַנרעדנדיק אימ, אז זי איז געווענ דורכויס רעוואָליוציאָנער פונעמ אָנהײב אָנ.

אָט דאָ ענדיקט זיכ די צווייטע פאזע אינ דער ניט־מארקסיסטישער בערגלסאָנ־קריטיק. בערגלסאָנס „שטורעמטעג" אונ „מידאסהאדינ" האָבנ סיגנאליזירט דעמ פראָלעטאריאטס קעגנער אונ פײַנט, אז מיט בערגלסאָנענ „האלט שמאָל". מער ווײַטזיכטיקע אונ קאָנסעקווענטע בורזשוא (ווי לעאָ קעניג) האָבנ זיכ פונ אימ גלײַכ אָפגעשאָקלט. די איבעריקע האָבנ מאָביליזירט אלע מעגלעכע מיטלענ, דעמ גאנצנ ארסענאל פונ אופווירקונג־מעטאָדנ אפ „אָפצוראטעווענ" בערגלסאָנענ. אונ דאָ ענדיקט זיכ זײער סימפאטיע צו אימ. ווי נאָר ס'האָט זיכ ארויסגעוויזנ, אז „דער נעס איז ניט געשעענ", פלאצנ אלע פעדעמער, וואָס פארבינדנ זיי מיט אימ. אונ ס'האָט זיכ טאקע אופגעהויבנ א ווילדער קאצניאָמער אינ זײער לאגער—איצטער שוינ ניט ארומ בערגלסאָנס פובליציסטיק, ניט ארומ זײַנע דעקלאראציעס, נאָר אינ דער קאָנקרעטער קריטיק פונ זײַנ ראָמאנ „באמ דניעפער".

# ליטכראָניק

## אינ דער לאַבאָראַטאָריע פונ די ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער

### כ. לאסקער

האָט צוגעגרייט א בוכ לידער „אינ מײַנ ארסענאל“ אונ שרײַבט א פּאָעמע פונ רויטנ סטודענטישנ לעבנ. אינ פּלאַנ איז פארטראכט א פּאָעמע אפ א געשיכטלעכער טעמע.

### מ. ליטוואקאָוו

גרייט א בוכ וועגנ דער נײַער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראטור.

### מ. ליפשיצ

איז צוגעטראָטנ שרײַבנ א פּאָעמע וועגנ לעבנ אונ קאמפּ פונ די דײַטשישע פּיאָנערנ וועלכע וועט פארענדיקט ווערנ אינ די נאָענטסטע כאדאָשים. נאָכדעם פּלאַנירט דער כ' ליפשיצ צוטרעטנ צו א דראמאטיש ווערק.

### כאנע לעווינ

גיט אָפּ אינ דרוק א ביכל לידער „נאָכנ שניט“ אונ א ביכל קינדער־לידער „אפ דער זוניקער זײַט“. גלײַכצײַטיק ארבעט די כאווערטע לעווינ אפ א ביכל נאָוועלעס. פונ דרוק איז דערשינענ א ביכל נאָוועלנ „קלײניקײַטנ“ אונ עס דרוקט זיכ א ביכל לידער „אויג אפ אויג“.

### נאָטע לוריע

שרײַבט דעמ צווייטנ בוכ „דער סטעפּ רופט“.

### כ. מאלטינסקי

האָט אָפּגעגעבנ אינ דרוק 3 ביכער פאר קינדער. צווישנ זיי: א בוכ דערציילונגענ, א בוכ לידער, א ביכל עפּיגראמענ אונ לידער.

### פּערעצ מארקיש

גיט ארויס זײַנע געזאמלטע ווערק, פונ וועלכע עס זײַנענ שוינ דערשינענ דער ערשטער אונ 4־טער באנד, ארבעט איבערנ 2־טנ טייל פונ דעמ ראָמאנ: „דאָר אויס דאָר אײַנ“ אונ איבער א ראָמאנ אינ פערזנ.

### ד. מארשאק

שרײַבט א ראָמאנ מיטנ נאָמענ „אדאמ קראווטשוקס וועג“.

### י. נוסינאָוו

האָט פארענדיקט אנ ארבעט „ראָזע ליוקסעמבורג אינ ליטעראטור“. האָט אנ ארבעט „דער פּאָזיטיווער העלד“ אינ דער בורזשואזער ליטעראטור“.

## דער ניסטער

האָט צוגעגרייט א בוך „אָטשערקנ״, אייניקע פונ זיי זײַנענ געווענ געדרוקט אינ די זשורנ. „שטערנ״ אונ „פארמעסט״.

## פּ. סיטא

ארבעט איבער א קאָמעדיע אפ דער טעמע „קליינבירגערטום אונ נאציאָנאליזמ״. אויסער דעמ האָט דער כ׳ סיטא אָנגעשריבנ א דערציילונג „איטשע מייער סרולעכעס א הײַנטוועלטיקער מענטש״. אינ 1934 י. איז אָנגעמערקט די ארבעט איבערנ בוך „מאָטל פייסי דעמ קאַוואַלס״.

## י. סערעבראַני

שרײַבט וועגנ טייפּס בוך „לידער אונ פּאָעמעס״, יודל יאָפּעס שאפונג אונ גרייט מאטעריאַל צו זײַנ דיסערטאציע: „פּערעצ אונ זײַנ לעצטער שאפונג־פּעריאָד. ער שרײַבט א קריטישנ ארטיקל וועגנ מאקס עריקס „די ייִדישע אופקלערונג״, וועגנ רעוואָליוציאָנערנ ראָמאנטיזמ אונ אייניקע רעצענזיעס איבער נײַ־דערשינענע ביכער.

## ה. פּאָליאנקער

האָט אָנגעשריבנ א גרעסערע דערציילונג „באמ דנעסטער״ אונ א דערציילונג „מײַסטערס״, אייניקע דערציילונגענ וועגנ א שוכ־פאבריק אונ איצט ארבעט דער כ׳ פּאָליאנקער איבער א ראָמאנ.

## א. פּיאטיגאָרסקאיא

שרײַבט א פּאָעמע וועגנ לעבנ פונ פארטייער אונ גלײַכצײַטיק לידער פונ דעמ נײַעמ סאָוועטישנ שטייגער.

## ש. פּערסאָוו

טרעט צו שרײַבנ א ראָמאנ, וועלכער וועט האלטנ בא 12 דרוק־בויגנ. די פּאָנ פאר דער ווערק—מאָסקווער מעטראָבוי. די טעמע—די ייִדישע אונ ניט ייִדישע יוגנטלעכע הויפּט־זאכלעכ די נאצמינדישע יוגנט אפ דערדראָזיקער בויונג, די איבערשמעלצונג פונ דערדראָזיקער יוגנט. איינצײַטיק וועלנ דאָרטנ ארויסגעפירט ווערנ אונדווערע יונגע אינזשענערישע קאדרענ, פאראלעל—די אויסלענדישע ספּעציאַליסטנ.

## ע. פּינינבערג

ארבעט איבער א פּאָעמע „דאָקטער רעוואָליוציע״ (וועגנ מארקסנ). צוגעגרייט צומ דרוק א נײַעמ בוכ לידער.

## איציק פעפער.

האָט פארענדיקט א בוך נײַע לידער „לעבנ זאָל דאָס לעבנ״. אינ דעמ בוך וועלנ ארײַנגיינ די ציקלענ: „די וועגנ פירנ קיינ מאָסקווע״, „לאָמיר לאכנ״ א. אנד. דער כאווער פעפער האָט שוינ אָפּגעגעבנ צומ דרוק דעמ צווייטנ באנד געזאמלטע ווערק, וואָס כאפּט ארומ די יאָרנ 1925—1928 אונ ארבעט איבער א זאמלונג איבערזעצונגענ אינ ייִדיש פונ די בעסטע אוקראַיִנישע פּאָעטנ. אינגיכנ דערשײַנט אפ ייִדיש אונ אוקראַיִניש דעמ כ׳ פעפערס ארבעט וועגנ דער ייִדישער ליטעראטור אינ די קאפּיטאליסטישע לענדער.

## אײַזיק פלאטנער

האָט אָפּגעגעבנ אינ דרוק א ביכל לידער אונ א ביכל „אָטשערקנ״. שרײַבט א פּאָעמע „פונ מיר דעמ שנײַדער־יונג״.

## מאקס עריק

דרוקט אינ ווײַסר. מעלוכע־פארלאג א בוך „די האסקאָלע־ליטעראטור״ אונ האָט צוגעגרייט א בוך „די ייִדישע ליטעראטור צווישנ צוויי רעוואָליוציעס״.

## אווראָם קאהאן

שרײַבט א ראָמאַן „ארן ליבערמאַן“.

## סאָרע קאהאן

האָט צוגעגרייט צום דרוק א ביכל לידער.

## אײַזיק קאהאן

שרײַבט דערציילונגען פון רויטארמייִשן לעבן.

## עליע קאהאן

ארבעט אפ א ביכל קינדער־דערציילונגען און אפ א גרעסערע דערציילונג „א נײַס אין שטעטל“—וועגן דער רעקאָנסטרוּירטער שטעטל.

## ה. קאמענעצקי

איניקן דערשײַנט דעם כ׳ קאמענעצקיס בוך לידער „מיטן גלײַכן וועג“. איצט גרייט ער א זאמלונג לידער און ארבעט איבער א פאָעמע, גלײַכצייטיק גרייט ער א בוך איבער־זעצונגען פון דער רוסישער סאָוועטישער דיכטונג.

## ל. קאצאָוויטש

ארבעט איבער א קאָמעדיע און שרײַבט א ריי הומאָרעסקעס פון סאָוועטישן שטייגער־לעבן. האָט אויך צוגעגרייט צום דרוק א ביכל פארצייכענונגען, ס׳איז דערשינען זײַן בוך הומאָרעסקעס.

## ל. קוויטקאָ

האָט פארענדיקט דעם ערשטן בוך פון זײַן טרילאָגיע, אפ וועלכע ער ארבעט שוין 10 יאָר. די דרײַ ביכער דארפן לויטן פּלאַן ארומכאַפּן די צײַט פון בירגער־קריג און רע־קאָנסטרוקטיווע פעריאָד. דער ערשטער בוך „יונגע לייעס“ איז א ראָמאַן אין פערזן, דער צווייטער „ווידערגעבורט“—א ראָמאַן אין שטרענגער רעאַליסטישער פּראָזע און דער לעצ־טער „געץ בימבאָם“—א סאַטירישער ראָמאַן. אלע דרײַ ביכער וועלן דערציילן וועגן איי־נער און דערזעלבער צײַט נאָר ברענגען פארשיידענע געשטאלטן, געשעענישן און סיטואַציעס.

## מ. קולבאק

ארבעט איבערן צווייטן טייל „זעלמעניאַנער“.

## א. קושניראָוו

ארבעט איבער א פיעסע „שווארץ און ווײַס“ און גרייס צום דרוק זײַנע געזאמלטע הערק.

## ד. קורליאנד

פארענדיקט זײַן דיסערטאציע־ארבעט „דאָוויד בערגעלסאָן“. גרייט צום דרוק דעם צווייטן טייל פון דעם שול־ביכל „די ערשטע ייִדישע ארבעטער־דיכטער“, מיט א פאָרוואָרט, ביבליאָגראפיע א.א.וו. זאמלט מאטעריאל פאר אן ארטיקל: „קולטור פון וואָרט אין אונ־דזער סאָוועטיש־ייִדישער ליטעראַטור“.

## י. ראבינ

דער כ׳ ראבינ שרײַבט א ראָמאַן, אויסצוגן פון וועלכן עס האָבן זיך געדרוקט אין „שטערן“. דער ראָמאַן דארף ארומכאַפּן דעם פעריאָד פון 5־טן יאָר, אין סאָף 1934 יאָר וועט דער ראָמאַן פארטיק ווערן.

## א. ראָזענצווײַג

האָט אָפּגעגעבן אין דרוק א בוך פון 12 דרוק־בויגן „פּערעץ אין די יאָנטעוו־בלעטלעך“, א ביכל „קלאסן־וועזן פון ייִדישע פאָלקלאָר־ליד און זײַנע סטילן“. ארבעט איינעם מיט עריקן און אויסלענדערן אפּ א לערנבוך איבער דער געשיכטע פון ייִדישע ליטעראטור, פארנ־דריטן קאָנצענטער, טעכניקומס א.א.וו.

אין פּלאַן—א גרעסערע ארבעט וועגן האָפּשטיינען און דער צווייטער טייל פון דער פּערעץ־מאָנאָגראפיע: „פּערעץ אין דער צײַט פון דער ערשטער רעוואָליוציע און אין דער רעאקציע־צײַט“.

## ש. ראָסין

האָט צוגעגרייט צום דרוק א נײַעם בוך לידער און ארבעט איבער א גרויסע פּאָעמע, גלײַכצײַטיק איבערזעצט ער פון דער רוסישער סאָוועטישער ליטעראטור.

## ר. רובינע

שרײַבט אן ארטיקל וועגן בראָנשטיינס בוך „אפּן לענינישן עטאפּ“ און גרייט אן ארבעט וועגן דער ייִדיש. סאָוו. פּראָזע.

## ר. רייזין

גיט אָפּ אין דרוק א בוך לידער.

## ליפּע רעזניק

האָט אָפּגעגעבן אין דרוק א בוך לידער און איבערגעארבעט אקסענפעלדס „רעקרוטן“, וואָס גייט מיט דערפאָלג אין די ייִד. סאָוו. טעאטערן.

## ה. רעמיניק

פארענדיקט אן ארבעט וועגן „יונגוואלד“ און מערקט אָן א ריי קריטישע ארטיקלען וועגן דער סאָוועטישע ליטעראטור.

## ע. שעכטמאן

שרײַבט דעם צווייטן בוך „פאראקערטע מעזשעס“.

## ה. שוועדיק

האָט אָפּגעגעבן אין דרוק א בוך לידער.

## מ. ווינער

האָט פארענדיקט א מאָנאָגראפיע וועגן מענדעלען (מענדעלע אין די 60־70 יאָרן), האָט צוגעגרייט צום דרוק א בוך היסטאָרישע נאָוועלן.

## ליפּמאן־לעווין

האָט פארענדיקט א ראָמאן „דוירעס דערוואכטע“, ערשטער בוך, 25 דרוק־בויגן דרוקט זיך אין „עמעס־פארלאג“.

## ש. גאָלדענבערג

האָט אָפּגעגעבן אין כארקאָווער מעלוכע־פארלאג א בוך לידער און באלאדעס „מיט אָפענע אויגן“.

ארבעט איבער א ראָמאן וועגן קאמף מיט דער ציוניסטישער שטעטלדיקער יוגנט אין די יאָרן 1926—1929.

**נ. זאבארע**

האָט פארענדיקט א נײַעם ראָמאן.

**ד. וואָלקענשטיין**

ארבעט איבער א ראָמאן פונעם פעריאָד פון 1905 יאָר.

**מ. פינטשעווסקי**

האָט צוגעגרייט א נײַעם בוך פּאָעמעס.

---

דעם 26־טן דעקאבער, אכצן אזייגער איז אין מענטאָן (פראנקרײַך) געשטאָרבן

## אנאטאָלי וואסילעוויטש לונאטשארסקי

---

דער צ.ק. אל.ק.פּ (ב) מעלדעט מיט טרויער וועגן טויט פונעם אלטן פארדינסטפולן רעוואָליוציאָנער־באָלשעוויק, איינער פון די אָנגעזעענסטע בויער פון דער סאָוועטישער סאָציאַליסטישער קולטור

## כ׳ אנאטאָלי וואסיליעוויטש
# לונאטשארסקי

---

פאראנטוואָרטלעכער רעדאקטער—איזי כאריק
רעדקאָלעגיע: א. אָשעראָוויטש, ז. אקסעלראָד, י. בראָנשטיין, כ. דונעצ, א. וואָלאָברינסקי, אי. כאריק, ל. קאצאָוויטש, ר. ראַיק, ל. ראָזנהויז, ס. שווידל.

דרוקערײַ א. נ. סטאלין באשטעלונג 2523. גלאווליטבעל 1832.

